אליקום צונזער

# אלע ווערק

אין דריי בענד

—

ערשטער באנד



אבא קאצענעלענבויגען

ניו יארק, 1920

# אינהאלט:

זייט

זייט

# פון אליקום צונזער׳ס פאַמיליע — צו זיינע יורשים, צום אידישען פאָלק.

די צוזאַמענקלייבונג און אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון אונזער פאַטער, אליקום צונזער, וואָס וועט זיכער אויפגענומען ווערען מיט שמחה פון אַלע זיינע פיעלע פערעהרער, איז זעהר א גרויסע דערלעבונג פאַר דער פאַמיליע, פרוי און קינדער, פונ׳ם פערשטאָרבענעם.

א חוץ וואָס מיר אליין פרעהען זיך אַזוי צו זעהן די אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון אונזער פאַטער, וואָס זיינען געווען צוזייט און צושפּרייט, פיהלען מיר דערביי דאָס מיט דעם איז ערפילט געוואָרען די הייליגסטע צוואה פון אונזער פאַטער.

צו זעהן אַלע זיינע ווערק צונויפגעקליבען און ארויסגעגעבען אינאיינעם איז פאַר אונזער פאַטער געווען דער זיסטער חלום. דערהויפּט אין זיינע לעצ־טע יאָהרען ווען ער איז שוין אַלט געוואָרען, זיין שטימע שוואַך און שוואַכער האָט ער זיך זעהר, זעהר מצער געווען צו דענקען אז זיין לעבענס־שאַפונג וועט פערגעסען ווערען. באַזונדערס פלעגט איהם וועה טאָן צו טראַכטען, אז זיינע מעלאָדיען, וואָס זיינען אַזוי צונויפגעוועבט מיט די ווערטער, מיט די ליעדער, און וואָס זיינען אַזוי פערשפּרייט און בעליעבט געווען ביים פאָלק — וועלען פערגעסען ווערען צוזאַמען מיט זיין טויט.

נון, אונזער פאַטער האָט עס ניט דערלעבט צו זעהן, ניט בעשערט געווען, ווייסען מיר אָבער דאָס זיין הייליגסטער וואונש פון זיין צוואה איז מיט דעם ערפילט געוואָרען.

אונזער דאַנק צו מר. אבא קאַצענעלענבויגען, וועמען אונזער מוטער האָט זיך איינגעגעבען צו פעראינטערעסירען אין דער דאָזיגער אויסגאַבע. נאָך מיט יאָהרען צוריק זיינען עס געווען ה׳ קאַצענעלענבויגענ׳ס עלטערען וואָס

האָבען אין ווילנא פערעפענטליכט איינינע קליינע ביכלעך פון אונזער פאָטער.
אונזער דאנק צו ה' ב. י. ביאַלאָסטאָצקי פאר דער צונויפשטעלונג פון אַלע ווערק.
זאָלען עס די אידען פון אַלע לענדער, די אמת'ע יורשים פון אונזער פאָטער לעזען און זינגען אין פרעהליכע צייטען, ווי עס איז געווען דער אינינסטער וואונש פונ'ם פערשטאָרבענעם.

פאר דער צונזער־פאַמיליע,
פ. צונזער

# פון די ארויסגעבער

לכתחילה האבען מיר געהאט בדעה אלס איינפיהרונג צו דער פאל־שטענדיגער זאמלונג פון אליקום צונזער'ס ווערק צו געבען אן אויספיהרליכע קריטיש־ביאגראפישע אפשאצונג פון אונזער גרויסען פאלקס־דיכטער.

עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז דער פלאן לאזט זיך אונטער די איצטיגע אומשטענדען ניט דורכפיהרען.

מיר ווייסען אבער און פיהלען, אז דער נייער דור איז דורך צייט און שטרעמונגען שוין אביסעל צו ווייט פון די צייטען וואס שפיגלען זיך אויף אזא מערקווירדיג־חנבדיגען אופן אפ אין די שאפונגען פון אליקום צונזער.

מיר ווילען העלפען די לעזער פון אליקום צונזער'ס געזאמעלטע ווערק זיך איינצולעבען און די שטימונגען און געפיהלען מיט וועלכע דער ג א נ צ ע ר עלטערער אידישער דור אהן אונטערשייד פון פארטייען און ריכטונגען האט זיך פארהאלטען צום גרויסען פאלקס־דיכטער.

מיר ברייגגען דא דערפאר ווייטער אפשאצונגען פון צוויי ענטגעגענ־געזעצטע ארגאנען פון דער אידישער עפענטליכער מיינונג: פון סאציאליס־טישען „פארווערטס" און ארטאדאקסישען „טאגעבלאט". און עס איז אי־בעראשענד צו זעהן מיט וואס א גלייכע ליעבע און אכטונג זיי באציהען זיך צו אונזער דיכטער.

מיר ברייגגען דא אויך נאך צוויי קורצע ארטיקלען וועגען צונזער'ן, וואס מאכען פאלקאם דאס בילד פון אונזער דיכטער: פראפ. זעליקאוויטש, א באדייטענדער קענער פון מוזיק כאראקטעריזירט צונזער'ס מ ו ז י ק א־ל י ש ע שאפונגען. מיר באדויערן, וואס די צייט און אומשטענדען האבען אונז ניט ערלויבט ארויסצוגעבען צוזאמען מיט „אלע ווערק" אויך אלע זיינע

מוזיקאלישע שאפונגען. אבער דאס וואס זעליקאוויטש האט געהאפט איז געטאן געווארען: דער באוואוסטער אידישער קאמפאזיטאר רומשינסקי האט אלע מוזיקאלישע שאפונגען פון אליקום צונזער אראנזשירט אויפ'ן בעסטען קינסטלערישען אופן פאר געזאנג מיט פיאנא באגלייטונג. און אין א קורצער צייט ארום וועט א פראכטפולער באנד פון צונזער'ס מוזיקאלישע שאפונגען ארויסגעגעבען ווערען פון אונז.

וואס איז שייך תשרק'ס ארטיקעל ווערט ער דא געבראכט פול צו מאכען דאס בילד פון אונזער צינזערן אלס מענש. דאס בעסטע וואס מען האט געקאנט זאגען וועגען דעם איז געזאגט געווארען אין זיין אוטא־ביאגראפיע, וועלכע די לעזער וועלען געפינען אין אנהויב פון באנד צוויי. וויפיעל פשטות, וויפיעל עניות, עהרליכקייט און גייסטיגע ריינקייט עס פיהלט זיך אין יעדער שורה פון דעם אלטען צונזער זועגען זיינע יונגע יאהרען. תשרק גיט אונז א בילד וועגען די פערזאן פון אלטען צונזער, דאמאלט ווען ער האט זיין שאפונג שוין אויפגעגעבען און מיט אן אמת הערא־ישער זעלבסטפארניינונג זיך גענומען אויף דער עלטער צו מלאכה, ניט פאדערענדיג פון קיינעם קיין זאך, ליעבליך, גוטמוטיג, הארציג און ריין ביז דעם לעצטען טאג פון זיין לאנגען און פרוכטבארען לעבען.

די אויסגאבע איז זיך אויסגעוואקסען אביסעל גרעסער ווי מיר האבען אין אנהויב זיך פארגענומען: זי אנטהאלט באמת א ל ע ווערק פון אליקום צונזער און מיר האפען אז זי וועט זיין א וויכטיגער בייטראג צו דעם אוצר פון דער אידישער ליטעראטור און דיכטונג.

ד י א ר ו י ס ג ע ב ע ר.

# אליקום צונזער אין די אָפּשאַצונג פון אונזערע ראַדיקאַלען.

מיט א יאָהר פערציג צוריק, ווען אליקום צונזער איז געווען אין רעכטען בלום פון זיינע קרעפטען און טאַלאַנט, האָט ער אליין ניט געוואוסט ווי וויכטיג ער איז. ווען איהר וואָלט דאַן געזאָגט, אז ער איז איינער פון די גרויסע מענער פון אונזער פאָלק, וואָלט ער איבעראַשט געוואָרען; און אלע זיינע פריינד וואָלטען איבעראַשט געוואָרען.

ער איז געווען א בעריהמטער בדחן אין ווילנא, אין מינסק, איבער גאַנץ ליטאַ; אָבער אז א טאַלאַנטפאָלער בדחן זאָל זיין א וויכטיגער מאַן אין זיין פאָלק — דאָס וואָלט דאַן נאָך געווען א פרעמדער באַגריף.

שפּעטער אביסעל, ווען עס האָט זיך גענומען אנטוויקלען א אידישע ליטעראַטור, ווען די אידישע פאָלקס־מאַסען האָבען גענ:מען לעזען, איז מען ביסלעכווייז צוגעוועהנט געוואָרען צו דעם געדאַנק, אז דער טאַלאַנטפולער בדחן אין א טאַלאַנטפולער פּאָעט, און אז מיט א טאַלאַנטפולען, עהרליכען פּאָעט דאַרף שטאָלצירען זיין נאַציאָן.

אליקום צונזער איז געווען אונזער פאָלקס־פּאָעט. וואָרום האָט מען זיינע ליעדער געזונגען אין אלע אידישע הייזער פון דער ליטאַ ביז גאַליציען, פון פּוילען ביז רומעניען? ווייל די ליעדער האָבען גערערט צום אידישען האַרצען, ווייל אין יעדע פּ:ן זיי איז געלעגען א סימפּאַטישער געדאַנק. ער איז געווען א דענקער אזוי גוט ווי א זינגער. אָהן בילדונג, בלויז א משכיל, האָט אָט דער פאָלקס־קינד פון זיין אייגענעם מוח און פון זיין אייגענער נשמה פּערל געשאַפען. און די פּערל האָבען געבליסטשעט און באַצויבערט כמעט יעדע הויז וואו אידיש איז געווען די מוטער־שפּראַך.

די מוזיק צו זיינע ליעדער איז אויך געווען זיין אייגענע. די נגינים

זיינען אויך פון זיין נשמה געבארען געווארען. די נגונים מיט די ווערטער זיינען צוזאמען געגאסען אין איין פראכט, אין איין צויבער־קראפט.

אט זיצען די אידישע בעלי מלאכות ביי זייערע ווארקשטאטען אין ווילנא, איןווארשא, אין לעמבערג, אין בוקארעסט און זינגען הארציג ביי דער ארבייט אליקום'ס „אייזענבאהן", „דער בלום", „די אוהר" אדער „די אויג"; זיי זינגען און זייערע גייסטער טראגען זיי אוועק ווייט אין א הימעל־וועלט און זיי פערגעסען זיך אן דער שווערקייט פון זייער פראצע. דאס איז שוין געווען מיט א יאהר פופציג צוריק. דעם בדחן'ס ליעדער האבען זיי דאס געזונגען. דעם געבילדעטען אידען פון יענער צייט האט זיך אפילו ניט גע'חלום'ט, אז אידיש איז א שפראך און אז די שפראך האט פאעטען. בלויז ברחנים קאן זי האבען — האט מען געגלויבט. מיט אידיש האט מען זיך געשעהמט.

יאהרען זיינען אוועק; די קלעפ פון פאגראמען האבען אונז די אויגען געעפענט. מען האט זיך ארומגעזעהן, אז מען האט פיעל טעות'ן געהאט; מען האט זיך ארומגעזעהן, אז אידיש איז א שפראך, און אז אליקום בדחן איז אליקום פאעט, א בעגאבטער מענש, א גרויסער מענש.

פערזענליך איז ער געווען פול מיט א ספעציעלען סארט סימפאטיע און ווארימקייט. וועלכע זיינען געווען דער קוואל פון זיין טאלאנט. עס זיינען פאראן קינסטלער, וואס זייער גאונות קומט פון מארך. אליקום איז געווען איינער פון יענע טאלאנטען, וואס זייער גרויסקייט שטאמט פון זייער הארץ.

ער איז געווען א גוטער, ליעבענדער, הארציגער מענש; אט דאס האט נעשאפען זיינע ליעדער.

יעדער דענקענדער איד, יעדער איד וואס ווייס ווי צו שעצען אמת'ע גרויסע מענער, וועט אפגעבען עהרע דעם אנדענקען פון אליקום צונזער.

„פארווערטס" ניו־יארק.

# אליקום צונזער אין די אָפּשאַצונג פון אונזערע אָרטאָדאָקסען.

אליקום צונזער איז געווען דער מאן וואס האט באזונגען דעם ווייטאג פון גאנצען אידישען פאלק, וואס האט אויך באזונגען זיין נחת, דער מאן וואס האט מיט זיין פעדער אויסגעדריקט אלעס וואס די אידען האבען גע־פיהלט און אלעס וואס זיי האבען געטרוימט אין גאנצע 66 יאהר צייט.

אין די 66 יאהר אין וועלכע אליקום צונזער האט געשריבען זיינע פאר־געקומען גרויסע איבערקערענישען אין דער אידישער וועלט. ווי גרויס איז דער תהום צווישען אונז און אונזערע טאטעס, צווישען אונז און אונזערע זיידעס! וואס פאר א געוואלטיגער אונטערשייד עס איז צווישען די מיינונ־גען, באגריפען און זיטען ביי אונז היינט און צווישען די מיינונגען, באגריפען און זיטען פון מעהר ווי א האלבען יאהר־הונדערט צוריק! אבער אליקום האט אלעס פארצייכענט אין זיינע פשוט'ע, הארציגע ליעדער. איהר קאנט דארטען געפינען אלעס. עס איז ניטא קיין געפיהל, קיין שטרעבונג, קיין באַ־וועגונג וועלכע זאל ניט זיין טריי געשילדערט פון דער האנט פון דעם וואונ־דערליכען מענשען וואס האט געהייסען אליקום צונזער.

ווילט איהר וויסען די איינפאכקייט, די תמימות, די גוט־מוטיגע, הארצ־ליכקייט, פון אונזערע זיידעס און באבעס, ווען זיי האבען זיך געלעבט מיט בטחון, האבען געהאט זייער אייגענעם שטילען נחת, נאך איידער די עמיג־ראציע אין אמעריקא האט זיך אנגעפאנגען, איידער די אידישע פאמיליעס זיינען צושפאלטען געווארען, איידער מען האט געשיקט „פיקטשורס" פון דער אנדער זייט ים? ווילט איהר וויסען וואס די רוהיגע פערשלאפענע אידישע שטעדטעל וואו אידישע מיידלעך האבען זיך געשפיעלט אין זאמד במעט ביז דער חתונה, האט געפיהלט אין יענע צייטען? איהר קאנט עס

געפינען ביי אליקום צונזער אין זיינע ערשטע לידער, וואו אלעס איז אזוי איינפאך באזונגען אז אייך דאכט זיך איהר זייט צוריק אוועקגעטראגען געווארען אין יענער וועלטעל וואו מען פיהלט דעם טעם גן־עדן פרייטאג צו נאכט ביי די שבת'דיגע מאכלים און צו הויז איז לכבוד שבת „פערפוצט“ מיט פריש אנגעשאטענע זאמד אויפ'ן פלאר...

* * *

נאר די צייטען האבען זיך געביטען. די השכלה האט זיך ארייגגעריסען אין דער אידישער גאס, דאס אידענטום האט באדארפט אויסשטעהן א מלחמה מיט די לייט וואס האבען געפרעדיגט אסימילאציע, זיי האבען געזאגט אז אויב זיי וועלען אראפווארפען פון זיך דעם אידישען יאך וועלען זיי ווערען גליקליך, א טייל האבען זיך געלאזט אויף דעם נייעם וועג. דאס פאלק אליין איז אבער געבליבען טריי צו זיינע אלטע אידעען, טריי צו זיך אליין, און גלייך האט אליקום צונזער איבערגעגעבען די געפיהלען פון פאלק פון יענער צייט אין זיין בעריהמטען ליעד „דער ניינצעהנטער יאהר־הונדערט.“

דער מחבר רעדט אין נאמען פון גאנצען פאלק ווי ווייט די נייע נביאים וועלכע האבען געצווינגען אהין צו דער גוי'שער גאס זיינען געווען פאלש. ער שילדערט די פערצווייפלונג פון די וועלכע האבען באמת געגלויבט אין די הבטחות און זיי האבען דערזעהן אז זיי זיינען ניט מקוים געווארען. אין דעם ליעד האט צונזער ארויסגעזאגט אלעס וואס עס איז געווען אויפ'ן הארצען פון פאלק, נאכדעם ווי עס איז אריבער די ערשטע כוואליע פון אסימילאציע איבער'ן רוסישען יודענטום און עס האט זיך אנגעפאנגען צווישען די משכילים בעווייזען די סימנים פון צוריקקעהרען זיך צום נאציאנאליזמוס.

* * *

אבער די צייט איז אויף אז ארט ניט געשטאנען. דעם אידישען עולם האט אנגעפאנגען מיאוס ווערען די שטעדטעל מיט איהר דלות. דער אלטער בטחון איז געווארען שוואכער און אונרוהיגקייט האט פארנומען זיין פלאץ. נייע געדאנקען האבען זיך געטראגען אין דער לופט, „ערד ארבייט“ איז געווען דער נאמען פון דער נייער האפנונג, אוועקווארפען דעם ארשין און געהן

אין שויס פון דער נאַטור, לעבען רוהיג און אהן קאַפּ דרעהעניש, און באַלד זעהען מיר צונזער'ן ווי ער שרייבט מיט גרויס התלהבות זיין ליעד „די סאָכע". און גלייך זיצען קינדער בכל תפוצות ישראל און זינגען מיט ווייערע קול־בעלער צונזער'ס פשוט'ען ניט נעקינסטעלטען ניגון'דעל:

עס קומט דער פריה־מאָרגען,
איך דאַרף ניט לייען באָרגען,
דער מות דאַרף ניט זאָרגען,
אויף טאָג הוצאות געלט.

נאָר אַט איז געקומען א נייע כוואַליע פון חבת־ציון און אונזער אליקום זיצט שוין און גיסט אוים זיין הארץ צו ארץ ישראל, און גלייך זינגען אידישע קינדער און אויף אלע חתונות און אויף אלע שמחות און מען זינגט ווי אזוי די אלטע מוטער ציון זאָגט ווען זי זעהט איהרע קינדער לויפען צו איהר פון אלע זייטען.

וואָס זעה איך דורך די שויבען,
עס פליהען אָן ווי טויבען
מיין יוסף, מיין בנימין
קלאַפּען אין מיין טיהר.

ווארום אזא וואונדערליכען כח האָט ער געהאַט דער מאַן: האָט עטוואָס דאָס פאָלק דערפיהלט א צער אדער נחת, האָט גלייך א ריהר געטהאָן זיך דאָס הארץ פון דיכטער, און אזוי שנעל ווי עס איז ביי איהם פארטיג געווארען א ליעד וועגען דעם דאָזיגען געפיהל, האָט עס זיך פערשפרייט מיט די שנעלקייט פון א בליץ אין אלע שטעדט און שטעדטלעך. עס איז געווען עפּעס א בעהאַלטענע „קאָנעקשאָן" צווישען דעם פּאָעט און דעם כלל ישראל, א מין „וויירלעס" וואָלטען מיר וועלען זאָגען, אויב אזא ווארט וואָלט זיך געפּאַסט. דאָס הארץ פון פאָלק און דאָס הארץ פון דיכטער איז געווען איינס.

* * *

און דאָס איז די גרויסקייט פון א פאָלקס־דיכטער, ער דאַרף ניט האָבען

די שבחים פון די קריטיקער. ער דאַרף ניט פון קיינעם קיין אַטעסטאַטען אויף זיין טאַלאַנט. ער איז אויך ניט מחויב צו שרייבען דווקא אין דעם סטיל ווי אַזוי די קינסטלער ווילען. ער האָט דירעקטע פערבינדונגען מיט דעם פאָלק, פאַר איהם איז אָפען די נשמה פון זיין אומה, ער איז דער ליעבעס־קינד. דער בן־יחיד ביי זיין נאַציאָן. ער דאַרף ניט קיין צערעמאָניעס, קיין אויסערליכען שטאַט, ער דאַרף ניט קיין אָנשטעל, ער שעפּט פון דער ערש־טער קוועלע און אַלעס וואָס ער זאָגט ווערט אויפגענומען פון פאָלק מיט ליעבע, ווייל דאָס פאָלק פיהלט אין דעם זיין אייגען פלייש־און־בלוט, זיינע אייגענע האָפנונגען און חלומות. דאַרטען וואו עס שטעהט דער פאָלקס־דיכטער קען קיין אַנדער משורר ווי גרוים ער זאָל זיין ניט צוקומען, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָס פאָלק אַליין דער קוואַל פון אַלעס וואָס איז פריש און געזונט. אליקום צונזער איז געווען דעם פאָלקס־תלמיד, דעם פאָלקס־חבר און דעם פאָלקס־לעהרער, ער איז געווען אַן איינגעהער לפני־ולפנים אינווענינג אין די היילינסטע ווינקלען פון דער אידישער נשמה.

„טאָגעבלאַט“, ניו יאָרק.

ג. זעליקאָוויטש

# אליקום צונזער אלס מוזיקער.

א דאָפּעלטע סטרונע האָט געהאַט אליקום צונזער: מיט איין סטרונע איז ער געווען דער גרויסער אידישער פּאַטריאָטישער פּאָעט, מיט דער צוויי־דער — געווען דער מוזיקער, דער בעשאַפער פון עכט אידישע מעלאָדיען פיר זיינע ליעדער.

צונזער האָט קיין מוזיק שוהלען ניט באזוכט, פּונקט ווי ער האָט קיין פּאָעטישע אַקאַדעמיע ניט געזעהן, און דאָך האָבען זיינע פאָלקס־ליעדער, די ווערטער אזוי גוט ווי די מוזיק געשטורמט הערצער פון מיליאָנען אידען אין 19־טען יאָהר־הונדערט. וואָס איז איינענטליך געווען דער סוד וואָס זיין מוזיקאַלישער קרעביץ האָט געמאַכט דעם טיפסטען קריטץ אין אידען׳ס נשמה פּונקט ווי זיין פּאָעטישער זיפץ? ווייל ר׳ אליקום צונזער איז געווען דער אמת אידישער פאָלקס דיכטער, דער אמת נאַציאָנאַלער איד ביי וועמען דאָס וואָרט און דער געזאנג זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט. עס זיינען אידישע טענער, אידישע נגונים, אידישע דבקות און א עכט אידישער „יאַ“ וואָס דערצעהלען אונז אזוי ריכטיג, אזוי דראַמאַטיש, אזוי אידיש דעם אידען׳ס ביאָגראַפיע מיט ווערטער און טענער! זיי דערצעהלען אזוי איינפאַך דעם אידען׳ס קאמף צווישען פעלקער, זיין ליעבע צו זיין נאַציאָן, זיין בליק צום הימעל, זיין ביסעל שטראַהלען, זיינע סך וואָלקענס, זיין פערצווייפלונג און זיין האָפנונג!

אויב צונזער גיסט אויס זיין נשמה אין א פּאַטריאָטישער ציון־ליעד ווי „די זון האָט אנגעוויזען אין מעריב־זייט“, אדער ער זינגט פון האָפנונג אין זיין „סאַכע, די מזל ברכה“, אדער ער קומט מיט א מעסעדזש „דער פּעדלער“, אדער ער באגריסט די ערשטע אייזענבאַהן, אדער ער לאַכט פון ווילנער ארימען ספּאָרט — דעם פּוסטען פּראַנט — זעהט מען ארויס דעם אמת׳ן

אידישען פאלק׳ס פאעט, וועלכער האט געהאט אין זיין צייט נאר איין איינ־
ציגען מעגליכען קאנקורענט — אברהם גאלדפאדען! ווען איהר בלעטערט
צונזער׳ס ליעדער, איבער 600 אין צאהל, געפינט איהר פון די העכסטע טראַ־
געדיע ווי דער „פאסטיליאן“ ביז די בעסטע בורלעסקע קאמעדיע, ווי דעם
„ישובניק׳ס המבדיל“, פון עכט אמעריקאניש־פאטריאטישע דעקלאמאציאנען
ווי „קאלאמבוס און וואשינגטאן“, ביז די שעהנסטע קאמישע דעקלאמאציאַ־
נען צום לאכען ווי „יעקעלע באם“. דער גרויסער אידישער פאעט האט מיט
זיין אויג ארומגענומען אלעס, פון גרעסטען זיפץ וועגען דער דראמא פון
טויט, אדער די טראגעדיע ווען א טאטע דארף אנקימען צו קינדער, ביז דעם
הארציגען וויץ, און אלעס טראגט דעם זיגעל פון עכט אידישער קונסט, ווי
געוועהנליך ביי אן אמת׳ען פאלק׳ס פאעט. די ווערטער פון זיינע ליעדער
זיינען גלאט פונקט ווי זיין מוזיק איז איינפאך, און זיין „יא“ האט עפעס
יענעם זיסען כשוף אין וועלכען עס שפיגעלט זיך אפ דעם אידענ׳ס שמערץ.
ווי אן אמת׳ער פאלק׳ס פאעט מיט א ריינע נשמה, האט צונזער קיין
מאל ניט געטונקט זיין טינטער אין בלאטע. ער האט קיין געגנער ניט געזי־
דעלט, ער האט קיינע שמוציגע ליעדער ניט פארפאסט. ער האט אין זינען
געהאט בלויז צו דערפילען זיין שליחות אלס דער זינגער פון אידישען פאלק.
און מיר האפען אז עס וועט נאך אויפשטעהן א אידישער מוזיקער וועלכער
וועט צוזאמענוועבען אלע צונזערישע מעלאדיען און נגונים אין איין גרויסע
ראפסאדיע, א מין צונזעריאריע, וואס זאל בילדען א גרויסארטיגע אידישע
סימפאניע, וואס זאל פאראייביגט ווערען פיר אלע צייטען.

# דער אַלטער צונזער

„עס גערט שוין צו ווינטער", האָט מיר איינער געזאָגט מיט אַ וואָך צוריק. „אליקום צונזער האָט שוין אַריינגענומען זיין שטוהל."

דאָס איז געווען אַ שלעכטע בשורה. איך האָב אַזוי ניט ליעב געהאַט די צייט ווען דער אַלטער דיכטער פלעגט אַריינגעהמען זיין שטוהל אין הויז, און ניט מעהר זיצען אין גאַס ביי זיין דרוקעריי.

אַלע האָבען איהם געקענט, אין דעם געגענד פון ראַטגערס סקווער. נור ניט אַלע האָבען איהם געקענט אַלס גרויסען אידישען דיכטער. ביי די „יונג אמעריקא" איז ער געווען בלויז „דער אַלטער דרוקער פון איסט בראָדוויי", אָבער אויך אַלס אַזעלכער האָט ער געוואונען דעם טיפסטען רעספעקט פון אַלעמען.

ביז די לעצטע קרעפטען האָבען איהם פאַרלאָזען האָט ער געאַרבייט. קיינ־מאָל ניט געוואָלט אָנקומען צו לייטען. „איך האָב קיין פּרעטענזיעס צו קיי־נעם", פלעגט ער זאָגען. „מען האָט מיר פאַר מיינע ליעדער זעהר שעהן בע־צאָהלט. איך האָב צו קיינעם גאַרנישט."

דער מאַן וואָס האָט געשריבען „די סאָכע" און געלערנט אידען צו אַרבייטען מיט די הענד האָט אַליין געצייגט דעם ביישפּיעל.

אָביסעל אָבגעאַרבייט, פלעגט ער ווידער אַרויסקומען אין דרויסען. און אויב די זון איז געווען צו שטאַרק אויף דער זייט גאַס, פלעגט ער זיין שטוהל אַריבערטראָגען אויף דער אַנדער זייט, און זיך דאָרט אַוועקזעצען ביי אַ ריעל־עסטייט אָפיס.

אָביסעל אַרבייט, אָביסעל רוה, אָט דאָס איז געווען זיין סדר היום.

גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטען, באַנקירען, שריפטשטעלער, רעדנער, רבנים, געלעהרטע און כלל טהוער פלעגען זיך אָבשטעלען ביי דעם אַלטען

דרוקער איהם דריקען די האנד און איהם זאגען, דיזעלבע נוסחא, אזוי ווי זיך צוזאמענגנערט, אז ער זעהט נאך אויס גאנץ יונג.

דען דער זיסער זקן האט אויסגעזעהן פריש און לעבהאפטיג און פון זיינע אויגען האט געשיינט דער אייביגער פריהלינג.

זיין אידעאל איז געווען פריהלינג. זיין מיסיאן — פריהלינג. ער האט פון פריהלינג געזונגען און געפרעדיגט דעם פריהלינג. ער האט דעם אידישען פאלק כסדר געוועקט צו א נייעם, פרישען לעבען.

און ניט אומזיסט האט מען אין איסט בראדוויי געהאלטען אליקום צונזער מיט זיין אבגעריבענעם שטוהל פאר דעם צייכען פון פריהלינג.

אין א געזעלשאפט איז ער אימער געווען דער אינגסטער מענש. איך האב דעם ליעבען זקן געזעהן זיך אמוזירען אויף א שמחה, אין א געזעלשאפט, ניט בלויז אלס אנטיילנעמער, נור טאקי אלס אנפיהרער פון די פערשידענע שפיעלען. פון שפיעל פלעגט ער גלייך פארוואנדעלט ווערען אין טיפען ערנסט, ווען די עלטערע מענשען אין דער געזעלשאפט פלעגען אנהויבען צו ריידען פון אידישע וויסענשאפט אדער ליטעראטור.

און דא האט זיך דייטליך ארויסגעציינט זיין קלאהרע השגה, זיין פריי־שער מוח, זיין נשמה פון פריהלינג און זונענשיין.

ער איז געווען א קוואל פון אידישע אנעקדאטען און ער איז געווען א קינסטלער אויף צו דערצעהלען.

ווער עס האט ניט געהערט אליקום צונזער אליין זינגען זיינע ליעדער דער האט נאך אזוינס אין זיין לעבען ניט געהערט.

ער איז געווען ווייט פון א זינגער. זיין שטימע האט אין זיך געהאט ווייניג מוזיקאלישעס. אבער דער טרויעריגער טאן וועלכער פלעגט זיך לאזען הערען, די עכט אידישע, הארציגע נגינה — דאס האט איהם קיינער ניט גע־פאנט נאכמאכען.

ער איז געווען איינפאך אין אויסזעהן, קליין אין וואוקס, ניט געטרא־גען סיין לאנגע האר, און האט אויסגעמיידעט אלעס וואס ציהט צו די אויפ־מערקזאמקייט פון פרעמדע מענשען.

און דאך, אז איינער האט איהם איינמאל געזעהן האט ער איהם קיינמאל ניט פערגעסען.

אימער מיט זיין זיסען שמייכעל אויפ'ן פנים. אימער מיט א פריינד־ליכען ווארט אויפ'ן מויל, פאר יעדען.

עטליכע מינוטען בעפאר זיין ליכטיגע נשמה איז אויסגעגאנגען, האט דער דיכטער וועלכער האט געזונגען פאר דריי דורות געזאגט:

„דער פראם איז שוין געקומען צום ברעג. עס העלפט ניט דער דינגען זיך."

„דער פראם" איז דער טיטעל פון איינע פון זיינע פאפולערסטע לידער.

זיין פערשטאנד, אימער אזוי ריין ווי קרישטאל, האט איהם ניט פערלאזען ביז זיין לעצטען אטהעם.

נישטא מעהר אליקום צונזער מיט זיין שטוהל.

דער פריהלינג איז אוועק.

אַלע לידער וואָס געהען אַריין אין דעם ערשטען באַנד האָבען מעלאָ־דיען צום זינגען. (די מוזיק ערשיינט אין אַ בעזונדער בוך). אויך די „ציון־לידער“ וואָס זיינען געדרוקט צום סוף פון דריטען באַנד האָבען אויך מוזיק.

אויף ווי ווייט ס'איז מעגליך געווען, זיינען די לידער געדרוקט אין אַ כראָנאָלאָגישער רייה.

---

אַלע דריי בענדער זיינען רעדאַגירט און איינגעטיילט געוואָרען פון ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וועמען עס געהערען אויך די בעמערקונגען צו מאַנכע לידער און די אָפּטייטשונגען פון די רוסישע, ענגלישע א. ז. וו. ווערטער, וואָס דער דיכטער האָט געברויכט. די בעמערקונגען זיינען געדרוקט צום סוף פון יעדען באַנד.

מיר האָבען אויך געזעהן דורכצופיהרען, אויף וויפיעל ס'איז נאָר מעג־ליך געווען, אַן איינהייטליכע אָרטאָגראַפיע אין אַלע בענדער. די גראַמאַטיק אָבער פון דער שפּראַך איז ווייניג געענדערט געוואָרען.

# דער פּוסטער פּראַנט

א.

איך בין זיך מיר אַ פּראַנט
פון דער נייער וועלט ;
מיט האַנדשוה אויפ׳ן האַנט,
דאָס הערצעלע אויסגעשטעלט ;
אַ רעקעלע, ווי אַ שררה,
מיט גומענע קאַלאָשען,
דאָס איז נאָר די צרה :
וואו נעהמט מען דאָך דעם גראָשען ?

ב.

די הערעלעך צו פערקאַמען,
עס בלישטשעט, עס פערבלענדט ;
איך געפעל מיר אַלע דאַמען
מיט מיין קאָמפּלימענט ;
אַ מנישקעלע אַ קלאָרע,
אַ קעלנערל ווי אַ חתן,
דאָס איז נאָר די צרה :
וואו נעהמט מען פּאָרט דעם גראָשען ?

ג.

איך מאַך דאַמען אַ וויזיט,
וועלכע האָבען ניט קיין מאַנען ;
איך רעד מיר אין דער מיט

פון ליעבעס, פון ראָמאַנען ;
איך דערמאָהן זיי געטהע, שיללער,
כאָטש איך האַב אין דעם קיין ידיעה,
דאָס איז נאָר דער פעהלער :
וואו נעהמט מען די מטבע ?

ד.

מיין פּאַפּיראָס איז אויך אַ שפּיצעל,
דאָס נאַר איך אָפּ די קישקע ;
אַז די העמד איז ניטאָ אַ פּיצעל,
פערשטעלט דאָס די מנישקע ;
אַז די שטיוועל איז[1] צופליקט,
פערשטעלט עס די קאַלאָשען ;
עס וואָלט מיר גאַנץ גוט געגליקט,
די צרה איז פּאָרט דער גראָשען !

ה.

(וויעגען זיך האָט א מעלה,
אָבער אַ חסרון אין דער מיט :
אַז מען וויעגט זיך דורך אַ וויילע
בעקומט מען אַפּעטיט.
איך וואָלט אַ מיטעל קריגען
דעם הונגער צו פערשלאָגען,
ווען ניט וואָס טויג דער וויעגען).

ו.

וואָלט איך נאָר האָבען געלט,
וואָלט איך מיר לעבען אַ פּראַכט ;
איך וואָלט ניט דאַרפען ליידען קעלט
און הונגערען טאָג און נאַכט ;
איך וואָלט לעבען ווי אַ שררה

און אַלדראָס גוטס געגאָסען ;
דאָס איז נאָר די צרה,
וואָס ס'איז ניטאָ קיין גראָשען.

ז.

איך וואָלט געוואָרען אַ מאַן
פון אַ שעהנע פרוי,
זי זאָל שפּיעלען פּאָרטעפּיאַן
און זאָגען „באַן זשור מאסיו" ;
איך וואָלט איהר רופען פלאָרע,
דעם וואהרען נאָמען פערשטעלט ;
דאָס איז נאָר די צרה :
גוואַלד ! וואו נעהמט מען געלט !

ח.

אַ דירה האָב איך געוואָלט
צו וואוינען אין געפּוצטע זאַלען ;
אויף פּעטערבורג געמאָלט,
אוי, בין איך אַ בעלן !
אויפ'ן פענסטער אַ גאַרדין,
בראָנזעטקעס אויך געגאָסען ;
אָט דאָס איז דער גזר דין,
וואָס ס'איז ניטאָ אַ גראָשען !

ט.

אין אַ טהייערען עקיפּאַזש
וואָלט איך געפאָהרען אין טהעאַטער
און זיצען אין בעל-עטאַזש
לעבען גובערנאַטאָר ;
איך וואָלט האַלטען אַ לאָרנעט,
בעטראַכטען שעהנע דאַמען ;

דאָס איז נאָר דער חטא,
ווי קלייבט מען געלט צוזאַמען!

י.

אין אָקע וואָלט איך געשפּיעלט,
אין קאָן אַ רובעל געשטעלט,
און אַז אַ קערטעל גילט
איז צוואַנציג ניט קיין געלט;
נאַרוסען וואָלט טרעפען פּעק,
אַמאָל נאָך אויך פּאר קעניג;
נאָר וואָס הרג'עט מיך אַוועק,
וואָס איך האָב נאָך ניט אַ פּעניג.

י״א.

אויף מאַסקאַראַדען וואָלט איך גלאַנצען,
מיט האַנדשוה, מיט אַ פֿראַק:
מיט דאַמען וואָלט איך טאַנצען
קאַדריל און קראַקאָוויאַק;
איך וואָלט לויפען גרינג און ראַש,
איך וואָלט ווייזען מיין השלמה;
נאָר עס איז ניטאָ אין טאַש,
אַ גראָשען ביי דער נשמה!

.1852

# זאָגט קדיש נאָך דער וועלט

### א.

מלאכים פון הימעל און מענשען אויף דער ערד,
ווען האָט איהר עס געזעהן, ווען האָט איהר עס געהערט
אַזאַ שלעכטע צייט,
אַז יעדער רק שרייט,
— געוואלד ברידער! די וועלט איז אומגעקעהרט!
האַנדעל און געשעפטען,
ציהען שוין קיין פּראָפיט,
מען האָרעוועט מיט אַלע קרעפטען,
און קיין חיונה ציהט דאָס ניט.
פאַר אַ שאַרף פון אַ מעסער
כאַפּען זיך אָרעם און רייך, —
דער שניט אין האַנד ווערט גרעסער,
און מען טרינקט זיך פאָרט אין טייך.
מען הערט נאָר „אוי" פון יעדען מויל,
מען זעהט נאָר צורות שוואַרץ ווי קויל,
דאָ איז צרות, דאָ איז שלעכט,
דאָ אַ זיפץ און דאָ אַ קרעכץ;
יעדען מענשען רק עס פעהלט, —
דעם — קרעדיט און דעם פעהלט ברויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט.

ב.

דער סוחר, וועלכער האַנדעלט קיין קעניגסבערג, קיין בערלין,
בעקלאָגט זיך אויף דעם טעלעגראַף אויף דעם באַהן־מאַשין.

דען דאָ ווייס מען באַלד,
דעם פּרייז ווי דאָרטען האַלט;
היינט וואָס קען מען פּראָפּעטירען שוין דערפון?
אַ קרעמער קען זיך היינט ניט קליגען
זיין סחורה זאָל עטוואָס בליהען,
אַז אַ סחורה ווערט געשטיגען,
מען זאָל קענען אויפ'ן מקח ציהען.
דען דער צווייטער לייענט אַ דעפּעש,
קומט שוין מיט דעם באַהן.
עס דויערט נאָר איין מעת לעת —
זיין סחורה איז שוין דאָ פאַראַן,
דער קרעמער געהט דעם נאָז אַראָפּ,
און דער סוחר אָהן אַ קאָפּ.
דער האַנדעל שרייט „לאָז מיך געמאַך",
און קרעדיטען ווערען שוואַך,
יעדען סוחר מאַנגעלט געלט;
אין פּרייסען ווערט שוין ניט געטרויט,
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט!

ג.

פּאָדראַטשיקעס[1] געהען היינט ארום מיט הוילע הענט:
עס קומען גאָר צום טאָרג מענשען אומבעקענט,
און לעגט דעם טאָרג אין דער ערד,

מיט זיינעם א קאָנוועדט,
וואַרפט פון סמעטע אַראָפּ פופציג פּראָצענט,
אָבער עס געהט אָפּ עטליכע טעג,
ער רעכענט זיך איבער דעם פּלאַן,
ער פערשטעהט ער האָט געלעגט זאַלאָג,
אויף צו זיין אַן אָרימאַן.
ער לויפט צום אינזשינער,
דעם קאָפּ איהם צו פערשווינדלען
מיט אַלערליי מיטעל צי הין צי הער,
טאָמער וועט ער זיך לאָזען קינדלען.
די גאַנצע צייט דער קאָפּ אַרום דרעהט:
ער לויפט, ער שוויצט, ער פּאַלט, ער געהט;
דאָ ווערט די פאַבריקע גערעווידירט,
ווערט אין גאַנצען געבראַקירט, —
און דאָ שמעקט מען מיט פרעמדע געלט.
פון אַלע קאַנטען דריקט דער נויט,
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט.

ד.

אָבואוואַטעלעס(2) שרייען: „היינט וואָס איז איצט פאַר
א וועלט! —
פון יעדען שכן קומט שוין פאר צוויי יאָהר דירה געלט,
אַז עס טראָגט איין די ווענט,
קיין הוילע פינף פּראָצענט,
טאָ וואָס לוינט אונז וואָס מען מידעט זיך, מען קוועלט?“
פאר מלוה'ס איז די צייט צוקראָכען,
אַ לוה מוז מען גאַנץ גוט קלערען,
מען צאָהלט איין צוויי דריי וואָכען,

און דער פּרעזענט עסט אויף דעם קערן.
(3 פאַר דעפּוטאַטען איז דאָס אויך קיין יאָהר,
זיי מוזען מיט אַלעמען שרייען
אטשערעדנע צו לויפען פון נאַבאָר,
און זיי מוזען אַטוועטשייען(4
דער פּראָסטער עולם זידעלט,
מען ווײנט, מען קלאָגט, מען שרייט, מען שילט,
דאָ ווערט דער פּאָליש שבת פול,
מען אַרעסטירט די קריאה אין שול.
מען וואָלט ראַטירען די שטאָדט מיט געלט,
נאָר נישטאָ פון וואַנען, מען לעבט אין נויט ;
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט !

ה.

דער געשעפט פון שפּייז־קרעמלעך זינקט שוין אויך אין תהום,
וואו מען וואַרפט אַ שטיין געפינט מען דאָרט אַ קראָם,
לייזונג פליהט ווי פוך,
נאָר געלט נאָך ניט אַרוך, —
דער סוף איז, אַז מען בלייבט ביים הוילען בוך.
אַ שיינקער ביי היינטיגער צייט,
זיין געלט, כ׳לעבען, איך זשאַלעווע,
די וואַנט ווערט פול מיט קרייט,
די קאַפּעלע ווערט רק יאַלעווע(5.
בעטראַכט די רעסטראַציאָנען,
וואו עס שטעהען טישען ברייטע.
מען עסט אָן צעהן פּאַרציאָנען
און מאַכען נעבעך פּליטה.

אין טראַקטירען איז אויך ניט בעסער:
קומען חברה זויפער, פרעסער, — —
מען נעהמט קאָנקלעטען6), בראנפען, ביער, — — —
מען געהט אַרויס דורך אַ הינטער טהיר,
ווערט אַ דראַקע7) קאָסט שוין געלט,
פאַר יעדער טרעוואָגע שרעקט די הויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט, —
די גאַנצע וועלט איז טויט.

ו.

דער בעל מלאכה ווען ער בעקומט אַרבייט ווערט ער אויסען זין—
ער האַלט זיך מיט דער ווייב אַן עצה, וואו טהוט מען דאָס אַהין? —

צי אין קרעמעל עטוואס געבען,
צי שכר לימוד פאַר דעם רבי'ן?
דער קאָפּ דרעהט ווי אַ ראָד פון אַ מאַשין,
עס איז גאָר ניטאָ איז שוין גלייכער:
פערשפּאָרט מען זיך צו מאַטערען;
פאַראַנען פופציג לעכער,
ווען מען זאָל מען דאָ פריהער פּטר'ען.
דער בעל הבית פון דער דירה שרייט,
ער נעהמט די פערינקע זאַלאָג,
און דאָ איז דאָס ווייב אויף דער צייט,
מען ריכט זיך שוין אַלע טאָג,
און די קאַפּאָטקע איז צוקראָכען,
מען טראָגט דעם שבת אום דער וואָכען,
און די קינדער, די קליינע ערבות,8)
געהען נעבעך נאַקעט, באָרוועס;

קיין האָלץ ניטאָ, מען פריהרט אין קעלט,
ווי בוריקעס די פיסלעך רויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט, —
די גאַנצע וועלט איז טויט!

ז.

אַמאָל פלעגט אַ לאַנד־שדכן פאָהרען אויף דער וועלט,
און פלעגט פערדיענען פון ליגענס, וואָס ער האָט
פאַרגעשטעלט;
היינט די ליגענס, די ענינים, — —
זאָגען נאָר מחותנים, —
פאר וואָס זשע קומט נאָך איהם שדכנות־געלט.
אַ סאַרוועער ביי היינטיגע יאָהרען,
איז אויך ניט קיין וויגאָרע,
אַ בעל שמחה אז ער וויל פערשפּאָרען,
זאָגט ער „אַ וועטשערע איז היינט אויס מאָדע".
וואָס קען זיך שוין מיין ווייב פרעהען,
אַז איך קום פון אַזאַ חתונה?
אַז אויף אַ טאַנץ זעה איך נאָר צווייען, —
נאָר אַ מיידעל מיט אַ קרינעלינע,10)
דערצו געהען נאָך צוואַנציג נדבות בעטען,
דאָ בעט דער פאר די בילעטען,
דאָס אַ קעכין שוואַרץ ווי די יושקעס;11)
און דאָ אַ איד מיט צוואַנציג פּושקעס,
ניט מוזיק פערדיענען געלט,
ניט דער בדחן האָט קיין ברויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט!...

.1852

# דאָס ליעד פון זייגער

א.

זאָג מיר דו גאָלדענע אוהר,
מיין פראַגע הער נאָר צו.
וואָס איז ביי דיר פאַר אַ נאַטור,
וואָס דו האָסט קיינמאָל קיין רוה?
ביזט געזעצט מיט ברילליאַנטען,
דיר טראָגען נאָר פראַגטען;
דיינע אידעלע געווערען
טראָגען מיליאָנערען.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפט דיר דיין הערץ.

ב.

ווי אידעל זיינען דיינע גליעדער,
ווי דין יעדער צייהנדעלע איז.
די רעדעלעך, די שפּראָנזשינקעס, די פעדער,
געמאַכט, געבראַכט אוים פאַריז.
מיט גאָלד צוגלייך,
ביזטו טייער און רייך,
אַז מען עפענט דיר אויף
פינקעלט דיין גוף.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ג.

מען שעצט גאָר דיר פאר א גליק,
ווער עס טהוט דיר נאָר קריגען;
אַז ער גיט נאָר אויף דיר אַ בליק
איז דאָס זיין גאַנצער פערגעניגען.
ער געהט ניט אַ טריט,
וואו ער האָט דיך ניט מיט,
ער היט זעהר דיך;
ער האַלט דיר ביי זיך.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ד.

שטאָלצירסט אויף דער גאַנצער וועלט
ביי אַלע גרעסטע מאַגנאַטען,
מען בעצאָהלט פאר דיר גאָר דאָס געלט,
מען שמועסט פון דיר מיט דוקאַטען;
מיט מלכים, מיט דאַמען, —
ביזטו צוזאַמען;
אויף בעלער, אויף קאָנגרעסען, —
ביים טאַנצען, ביים עסען. —
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר זיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ה.

אַז מען פאָהרט אָפּ אויף איינינע טעג,
מען לאָזט אין דער היים הויזגעזינד,
דיך אָבער נעהמט מען מיט אין וועג,
בעסער ווי פרוי און קינד.
דו ביזט דער פראוואדיר,(1

מען פאָלגט נאָר רק דיר.
ווען רוהען, ווען געהן,
ווען פאָהרען, ווען שטעהן,
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ו.

מיט'ן דאָקטאָר באַקאַנט,
בשעת ער גיט די מעדיצין,
ער האַלט דעם דופק אין האַנט,
און האָט דיר דערביי אויך אין זין.
געשריבען אויפ'ן רעצעפּט,
וואָס אָן פלעשעל געקלעפּט:
צו נעמען מיט אַ שטייגער,
צו קוקען אויפ'ן זייגער.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ז.

אַ שידוך איז אויך אָן דיר בעלאַנגען,
אָן דיר אַ פּולע געווענדט.
מען טהוט דיר צום ערשטען פערלאַנגען,
מען שיקט דיר צום ערשטען פּרעזענט.
דו ביזט דער שליח ביי כלה וחתן,
מען שיקט שוין נאָך דיר — ווערט דער שידוך געשלאָסען.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ח.

סוחרים וואָס האַנדלען אויף קרעדיט, —
געשעפטען וואָס בעטרעפען מיליאָנען;

היטען דיין שעה, דיין מינוט
טערמין, — מען זאָל ניט דאַרפען מאָנען.
צו אַלע טערמינען
האַלט מען דיך אין זינען.
ווער עס באָרגט, ווער עס לייהט —
צו בעצאָהלען צו דער צייט.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפט דיר דיין הערץ.

ט.

אויפ'ן מאַשין מיט די אייזערנע קאָלעז,
לעבסטו גוט מיט די קאָנדוקטאָרען;
דו זאָגסט וויפיעל מינוט ער זאָל שטעהן,
און ווען ער זאָל ווייטער פאָהרען.
וואו מען פערקויפט בילעטען,
שטעהסטו אויף פיקעטען.
אַז דו ווייזט, אַז עס איז שפעט,
איז שוין ניטאָ קיין בילעט.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפט דיר דיין הערץ.

י.

בעלי מלאכות — אָרענטליכע לייט —
פאָלגען דיר דיינע פערזאָגען,
דו ווייזט זיי, דו זאָגסט זיי די צייט,
צום שעה די אַרבייט אָפּצוטראָגען.
ביינאכט, ווידער זאָגסטו זיי די צייט, ווען זיי טהוען,
ווי שפעט צו טהאָן און וויפיעל צו רוהען:
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפט דיר דיין הערץ,

יא.

ביי בעלער האָסטו צו שאַפען,
אַלע טראָגען זיך מיט דיך.
די גרעסטע קניאַזען און גראַפען, — —
האַלטען דיך אין בוזעם ביי זיך.
מיט גאָלדענע קייטען ווערסטו פערשפּילעט,
דער שנור אויפ'ן האַלז דער קרוטשיק צום זשילעט.
טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

יב.

שוין צייט, שוין צייט זאָלסט מיר זאָגען
אויף אַלע פראַגען, וואָס איך פרעג,
וואָס דו ביזט צוטומעלט, צוטראָגען
און געהסט זיך דיר פאר זיך דיין וועג.
ביזט טייער, ביזט איידעל, אַ קוראַנטע סחורה,
וואָס זשע האָסטו אין זיך אַזאַ מרה שחורה.
נו, זאָג מיר שוין, ענטפער שוין דיין זאָרג, דיין שמערץ,—
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.

ענטפער פון דעם זייגער.

יג.

איך מוז פעסט ענטפערען דיין פרעג,
אַז מיר איז אויך זעהר שלעכט.
יעדער האָט זיך זיין וועג,
און איז פאר זיך אויך גאַנץ גערעכט.
דרעה מיך ניט אָן, קען איך ניט געהן;
גיב מיר אַ ריהר, בלייב איך שוין שטעהן.

זעה זשע, פערשטעה זשע מיין זאָרג, מיין שמערץ, —
דאָס איז מיר, דאָס פעהלט מיר, דאָס קלאַפּט מיר מיין
הערץ.

יד.

מיינע וויזערלעך — די צוויי, —
זיי וויזען מינוטען און סעקונדען,
פיעל מאָל פערדריסט מיר אויף זיי,
אַז זיי וויזען פאַלש מיינע שטונדען,
אינוועניג געה איך גאַנץ רעגוליר, —
און אַז זיי וויזען פאַלש איז מען חושד נאָר מיר.
זעה זשע, פערשטעה זשע מיין זאָרג, מיין שמערץ, —
דאָס איז מיר, דאָס פעהלט מיר, דאָס קלאַפּט מיר מיין
הערץ.

טו.

אויף מיר איז מבנים געשטעלט,
יעדער זאָגט ווי ער קלעהרט;
דער שאַצט מיר אין אַ פולע געלט,
דער זאָגט איך בין גאָר נישט ווערטה.
דער זאָגט איך לויף גיך,
דער זאָגט איך קריך;
דער געהט אין געוועט,
אַז איך געה עס צו שפּעט.
זעה זשע, פערשטעה זשע מיין זאָרג, מיין שמערץ, —
דאָס איז מיר, דאָס פעהלט מיר, דאָס קלאַפּט מיר מיין
הערץ.

טז.

אַז עס טרעפט אַמאָל אַ צייט,
אַז עס צוברעכט זיך אַ רעדעל אין אַנקער,
לעגט מען מיך אַוועק אין דער זייט.

איך שטיל שוין, איך ליג שוין אַ קראַנקער;
דרעהט מיך אָן אַ נאַר — צוברעכט ער מיך אָן אבר.
געפינט מיר אַ קינד — אָט דאָ איז שוין מיין קבר.
זעה זשע, פערשטעה זשע מיין זאָרג, מיין שמערץ, —
דאָס איז מיר, דאָס פעהלט מיר, דאָס קלאַפּט מיר מיין
הערץ.

יז.

דער ביישפּיל פון גילדערנער אוהר, —
איז ריכטיג דער מענש אַליין.
ער האָט אויך אַ פּאָרלע(2) נאַטור,
נאָר אַ האָר בלייבט ער שוין שטעהן.
עטוואָס אַ ווינט פערשאַדט עס געשווינד,
עטוואָס אַ טרענץ(3) איז ער שוין ניט קיין מענש;
דאָ לויפט ער, דאָ פליהט ער אָהן זאָרג, אָהן שמערץ,—
דאָ פאַלט ער, דאָ ליגט ער און פיהלט ניט זיין הערץ.

יח.

ער איז אויך צום זייגער גלייך,
ער רוהט ניט, ער טראַכט אָהן אַ שיעור;
זוכט רק צו ווערען מעהר רייך —
מיט גוואַלד צו ווערען אַ גביר.
עס קלאַפּט איהם דאָס הערץ, ווי טאָג אַזוי נאַכט, —
ער זיצט ניט, ער רוהט ניט, ער איז רק פערטראַכט.
די זאַך וואָס ער ליעבט איז מעהר זאָרג, מעהר שמערץ,—
דאָס האָט ער, דאָס פעהלט איהם, דאָ קלאַפּט איהם זיין
הערץ.

יט.

אין הארצען קלאַפּט דער פּולס ביי דעם מענשען,
ריכטיג ווי אין זייגער דער פּאָמפּעדיקעל.

ער ווייזט די געזונדהייט אין גאַנצען,
ער איז דער עדות פון לעבענס־מיטעל.
נאָך זיין גאַנג, נאָך זיין קלאַפּ ווערט ער ערקלערט,
צי איז רוהיג זיין בלוט, צי געזונט, צי פערקעהרט,—
דער פולס וואָס קלאַפּט ווייזט פריידען און שמערץ,—
ווי עס האלט זיין געזונט, אַזוי קלאַפּט איהם דאָס הערץ.

כ.

מען זאָל זיך בערעכענען טעג און יאָהר, —
ווי עס רוקט זיך רק אונטער דער ווייזער.
און אַזוי פליהט אַוועק יאָהר נאָך יאָהר,
און ער ווערט רק עלטער און גרייזער.
עס לויפען די יאָהרען ווי אַן אויגענבליק, —
די טעג וואָס אַוועק קומט ניט צוריק.
די האָפענונג פערזיכערט איהם צו היטען פון שמערץ,
צום לעצט מיט פערדרוס קלאַפּט איהם זיין הערץ.

1854.

# דאס ליעד פון פויגעל

א.

וואָס קוקט איהר מיר פויגעלעך אָן,
וואָס איך קען מיך קיין ריהר ניט טהאָן.
פון שטיפען איז מיר געוואָרען
מיינע פליגלען אָפּגעשאָרען.
איך זעה דאָרטען אַ פויגעל פליהט,
איך זעה דער בוים ער בליהט ;

איך זעה מיט די אויגען,
און וואָלט אויך גערען געפלויגען.
איך בין אויך אַמאָל געוועזען פריי,
געפלויגען, געכאַפּט אַ גראָז, אַ מאַי,
אַ גרעזעלע געשמעקט, —
דעם טוי אָפּגעלעקט,
און האָב דעם נחת געהאַט,
צו טראָגען אין מויל אַ בלאַט;
און היינט האָב איך דערלעבט
צו זעהען ווי יענע שוועבט;
אַליין בין איך ווי צוגעשמידט,
איך זעה אַלע צייט
דעם נחת פון דער ווייט
און גרייכען קען איך ניט.

ב.

ווי שעהן דער זומער איז היינט,
ווי פרעהליך די זון שיינט.
ווי פריי עס איז איצט צו שוועבען,
וועמען גאָט האָט נאָר פליגעל געגעבען.
זיי פליהען אויפ'ן פעלד אַרום,
זיי זינגען מיט'ן זיסען שטים;
זיי טהוען דאָס גאָט דאַנקען,
וואָס ער האָט זיי פליגעל געשאָנקען.
ערשט צוריק מיט אַ קורצע צייט
בין איך אויך ביים גליק געוועזען לייט,
געפלויגען אין דער הויך,
און געזונגען אויך
אין דער פריה מיט אַ געזאַנג,

נעגעבען צו גאָט אַ דאַנק.
היינט איז מיט אַמאָל
אַראָפּ מיין זיסער קול.
איך בין שוין געוואָרען שטום,
און אַלע קליינע קינדער —
יעדערער בעזונדער
טרייבען מיך הין און הער אַרום.

ג.

איהר פויגעלעך, וואָס איהר האָט פליגעל, —
קוקט אין מיר ווי אין אַ שפּיגעל.
ווי קיינער איז אויף דער וועלט ניט בעגליקט,
ווי דער גליקליכסטער ווערט אונטערדריקט. —
אויף די פליגעל נעמט מיר, פריינד,
טראָגט מיך, וואו די זון שיינט.
שטעלט מיר, וואו די היץ איז גרויס, —
דאָרטען וואַקסען מיר פליגלען אויס.
איך וועל אָנהויבען ווידער אויפ'ן פעלד צו פליהען,
וואו פייגעלעך שוועבען, וואו בוימער בליהען.
איך וועל אָנהויבען צו געניסען
פון דעם טוי דעם זיסען,
און וועל זינגען אויך
מיט מיין שטים אין דער הויך.
אָך, ווי דערלעב איך שוים (שוין)
צו שטעהן אויפ'ן בוים,
און פערגעסען אָן אַלע מיינע לייד.
צו זינגען נאָך אַמאָל
מיט מיין זיסען קול
פאר מיין צער צו געניסען עטוואָס פרייד.

ד.

אַזוי האָט א פויגעל געקלאָגט,
ווען זי איז געוועזען פערצאָגט.
פון פויגעלעך אונטער דריק
מיט הונדערט יאָהר צוריק.
איידער איהר דערלעזער איז געקומען,
איי 1) ער שטעלט איהר צווישען די בלומען.
געטהאָן די קינדער פעריאָגען,
ביז זי האָט צוריק איהרע פליגעל געקראָגען.
ווער קען די פויגעל אין געזיכט אַקוראַט,
וואָס דעם נאָמען קייליקע האָט זי געהאַט? —
מען פלעגט איהר רופען אמאָל
דאָס שעהנע פאָלק ישראל,
און אַז מען האָט איהר צוהאַקט גליעדער פאר גליעד,—
האָט מען איהר דערנאָך גערופען „זשיד".
מיט טרערען דערמאָנט זי איצט,
ווי זיי האָבען איהר פערשמיצט.
געטריבען פון צווייגעל צו צווייגעל,
און היינט איז זי בעגליקט,
אַז גאָט האָט איהר געשיקט
'עם ווירט וואָס האַלט איהר ריין אין שטייגעל.2)

ה.

גלייך ווי איך בין אָהן פליגעל געבליבען,
פון מיין נעסט געוואָרען פערטריבען,
האָב איך מיך געבעטען אין אכסניא
צו זיין אין איטאַליע, אין שפּאַניע.
איך האָב ערשט דערשפּירט מיין פּיין,
ווי שלעכט עס איז אָהן פליגעל צו זיין;

געריסען מיר פעדער פאר פעדער,
אז איך דארף גאר בלוט צום סדר —
אַן אינקוויזיציע האָבען זיי אויסגעקלערט,
און האָבען מיט דעם מיין אמונה געשטערט;
מיט רציחה און מיט רשעות
גע'משפט מיט ארבעה מיתות, —
מיט'ן נפש און מיט ממון
ווי אין גלות בבל—המן, — — —
ביז זיי האָבען מיין קאָמפּאַניע
פערטריבען פון אכסניא.
איך האָב דאמאָלס אַלע שלעכטעס אָנגעזעהן;
איך געדענק נאָך אַלע טעג —
יענע וועג —
דאָס איז ביי מיר אַ צווייטער חורבן געוועז.

.5

— די פויגעלעך, וואָס זיינען מיט מיר אין לאַנד,
האָבען געוואַשען איהר[3] פּנים מיט שאַנד.
זיי דענקען, אז דעם חסרון,
האָט זי צייט איהר געבאָרען.
האָבען פערגעסען איהר מלוכה, איהר כבוד;
האָבען פערגעסען איהר מלכות בית דוד.
זיי מיינען אַז צייט איהר גלויבען
האָט זי קיין מאָל קיין קאָפּ אויפגעהויבען,
און זי האָט געשריען פון צער, פון נויט, — —
— איך געדענק מיינע פליגעל יונגערהייט:
די נבואה מיט די כהונה;
דער משכן פאר די שכינה;
די מלכים מיט די קרוינען;

ציון מיט לבנון;
מיניסטאָרען און יענעראַלען,
אין שאַרפען שווערד געפאַלען.
מיינע חכמים מיט מיין גאַנץ גרויסען פלאָהר, —
היינט איז מיר געוואָרען
מיינע פליגעל אָפּגעשאָרען —
שוין העכער אַז אַכצעהן הונדערט יאָהר.

ז.

אַז איך בין שוין אין פוילען געקומען —
האָט זי מיר אין אָנפאַנג שעהן צוגענומען.
איך האָב מיר געטרייסט אויף פריהעריגע צייטען,
געהאָפט שוין צו לעבען ווי לייטען.
אָבער דאָס איז אויך געווען צופלייסען, —
זי פלעגט מיר נאָר מיינע פעדערען רייסען.
דעם קערענדעל וואָס זי האָט מיר געגעבען,
האָט מיר געקאָסט מיין גאַנצעס לעבען.
ווי עס האָט איהר דערזעהען דער ווירט פון לאַנד,4)
איהר צער בעמערקט, געזעהען איהר שאַנד, —
האָט ער איהר געשטעלט צווישען בלומען,
געלאָזען די זון צוקומען,
און זיי האָט ער בעצאָהלט געשווינד,
ווי זיי האָבען קעגען איהר פערדיענט.
איך האָף שוין ווידער אויך צו פליהען אין דער הויך,
עס שפּראָצט מיר שוין פליגלען אויס,
איך וועל שוין זיין ביי אייך
מיט אַלע פויגעלעך גלייך,
אַ שפּיעל־פויגעלע ביי דעם ווירט אין שויס.

# פון חדר זאָגט מען ניט אויס

א.

ווען איך בין אַלס קינד אין חדר געגאַנגען,
איך האָב בעטראַכט דעם רבינ׳ס קאַנטשיק מיט זיין טובה,
די כשרה רב׳עצין מיט׳ן פארטוך פערהאַנגען,
דעם ליעבען בעהעלפער דעם זולל וסובא,
די רב׳עצין פלעגט הייסען וואסער אונז טראָגען,
דער בעהעלפער מיט די מיטאָגס האָט יחדו געמאַכט,
דער רבי פלעגט פּאַטשען, שמייסען און שלאָגען,
דערצו נאָך פערזאָגען א הורעה פאַרנאַכט:
קינדער, וואָס געהערט וואָס געזעהען,
געדענקט איך לאָז אייך איצט לויז;
די מאַמע וועט פרעגען וואָס, ווען —
פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ב.

מיט די זעלבע מורא בין איך אויסגעוואַקסען,
איך האָב ערשט דערזעהן, אז די וועלט איז דער חדר,
אונזער רבי איז די צייט דער עקשן,
פון זיין קאַנטשיק ציטערט אַלע גלידער.
היינט נאַרט אויס איינער דעם אַנדערענ׳ס ביסען,
פּראָסט אַז מען רייסט שוין מיט גוואלד פון מויל;
דער שטילער, דער עהרליכער, ווערט אויסגעריסען,
רציחות און עולות, אַז עס נעמט אָן אַ גרויל.

נאָר די צייט האָט מיר באַלד ערקלערט,
אַז איך בין נאָך פון חדר ניט אַרויס;
ברודער, וואָס געזעהען, וואָס געהערט —
פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ג.

איך וויס, אַז דער איד האָט זיין עהרע פערלאָרען,
לאָזט זיך רייסען די פּאות, נאָר אַ קערבעל דערפאַר;
צייט ער איז אין פּוילען פערטריעבען געוואָרען,
ביים משוגע'נעם פּריץ צו זיין אַ ראַנדאַר.
ער רופט דעם אידען „זשיד פּאַרכאַטי",
און ער רופט איהם „פּאַנאַטשיק" און קושט איהם די האַנט,
און אַלע שרייען נאָך, אַז יאנקעל פּוסקאַטע
איז אַ תקיף ביים פּריץ, אַ פליגעל אַדיוטאַנט;
און דער פּריץ וואַרפט איהם צו דער ערד,
זיין בערדעל צופּט ער איהם אויס —
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ד.

אָט דער זעלביגער איד, וואָס לעבט אין סכנה,
אַז דער פּריץ זאָגט איהם „וואָן", (1) האָט ער שוין אַ זכיה;
קומט ער אָבער אין שול, איז ער אַן אתה בחרתנו
און „חמישי" איז עס שוין אַ קליינע עליה.
צו עליות, צו הקפות, צו אתה הראת,
דאָ ווערט שוין כבוד געוואויגען אויפ'ן שאל;
חול המועד צום קלפּי (2) פאַר אַ גבאי, מהכי תיתא,
ווען ניט איז זלזולים אין שול אויפ'ן קול;
דער שילט, דער זידעלט, דער שווערט,
דער שרייט אין שול: ממזר אַרויס!

איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ה.

אַז איך גיב אַ קוק אויף די אידישע קראָמען,
פּלאַצט מיר מיין גאַל, איך האַלט עס ניט אויס;
זעצען אָן קרעמערקעס, עשרת בני המן,
און אַלע פּאָר נומעראָם פון קליין ביז גרויס;
געהט דורך אַ מענש ווערט ליאַרם און יללות,
און דראַקעס, אַז פליהען פייער־טעפּ אין קאָפּ;
עס רוישט די גאַס פון קולות מיט קללות,
ביז מען רייסט דעם סוחר דעם אַרבעל אַראָב.
וואָס קען האָבען דער איד פאַר אַ ווערטה,
אַז זיין האַנדעל זעהט אַזוי אויס?
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ו.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דער איד האָט ערכות
מעהר פאַר יעדער נאַציאָן אין דער וועלט;
ער צאָהלט פון פלייש, פון מצה, פון ליכט, פון ברכות,
ער עסט ניט, ער טרינקט ניט, און עס קאָסט רק געלט.
דער קריסט האָט דאָך אויך שפּיטעלער, פּריוטען,
ער האָט[3] אַ באָגאַרעלנע און אַ פּאַרקען אַרום זיין פעלד;
ער האָט אויך לעהרע־שולען, ער גיט אויך רעקרוטען,
און צאָהלט קיין קאָראָבקע און ניט קיין קבורה געלט;
און דער איד איז מיט לאַסטען בעשווערט,
אייביג צאָהלט ער זיך ניט אויס.
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ז.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז פּיעלע מענשען
האַלטען טערמין צוליעב קאנטע אויף ווייטער,
דערהאַלטען די ראטע איז דוקא מיט קונצען,
דען היינטיגע וועלט איז גוט וואָס געשייטער;
בעקומט מען נאָר איינעם4) אַ וויץ־שטאָק, אַ פּרייער,
מאַכט מען איהם ציכטיג, אז עס קרעהט ניט קיין האָהן,
כאָטש יענעם קומט אויס צו געהן כאָטש אין פייער,
וואָס אַרט דאָס וועמען? וועמען געהט עס דען אָן?
דרום איז קרעדיטונג געשטערט,
אַז מען גיט פּראָסט פון האַנט ניט הערויס.
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ח.

איך ווייס, אַז דער איד טהוט פערקעהרט גאָר
ווי די גמרא האָט געגעבען אין לערנען דעם סדר;
ניט צו פופצעהן נאָר צו זיעבען יאָהר
לערענט ער תלמוד אין זיין פערשפּאַרטען חדר.
אַז ער קען נאָך ניט די וועלט, מיט איהרע רמאות,
צו דיני ממונות איז ער נאָך אַ קינד,
אַז ער ווייסט ניט, וואָס בעטייט די ווייבערשע המצאות,
און צום סדר פון נשים איז ער נאָך גאָר בלינד,
און דאָ איז די עברי געשטערט,
אַ וואָרט ריין געהט ניט ארויס, —
איך האָב מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

ט.

מען וואַרט נאָר דער אינגעל זאָל דרייצעהן יאָהר ווערען,

בעווייזט זיך שוין אין חדר א מחותנ׳ס אַ איד,
אין אַ שלומפּער מיט אַרבעל אַ רויטען נאָז מיט א שטערען,
דער געלינקער אינגעלע ציטערט גליעד פאר גליעד,
באַלד ווערט אַ ליאַרעם, פּראָסט ביז אַ דראַקע,
דער איד מיט דעם רבי׳ן, דער אינגעל דער שאַפּעט,*)
די מוטער קוועלט פון די רייד די געשמאַקע,
און צום סוף בעקומט ער אין בעקעלע א גלעט,
מען זעהט, אַז די כלה איז בעשערט,
„מזל טוב!" שרייט מען אויס —
איך האָב נאָך דאָרטען מעהרער געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

י.

מען הוליעט א חתונה, מען פערגעסט אָן שמערצען.
אַז דער זיווג איז גלייך, דאָס זעהט מען בחוש;
ער קוים בר מצוה, זי אַ יאָהר פערצעהן,
זיי קענען געהן שפּאַצירען אונטער׳ן טיש.
מען עסט האַרטע קעז, מזל טוב אין גאַנצען,
ווייבערלעך, פּאַטשט, איהר האָט נחת דערלעבט!
ביידע מחותנת׳טעס א שעמעלע טאַנצען,
דעם חתן אַ כאָמעט איז דער בעסטער רעצעפּט.
און איך שטעה פון ווייטען. מיר גרוילט,
ווי די דומהייט ביי אידען איז גרויס.
פון... וואָלט איך נאָך דערצעהלט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

יא.

ווען מיר שיינט מיין גליק האָב איך אַבאָנענטען,
איך האָב שוין קרובים, וואָס פריינדלען זיך גאַנץ פעסט,
מען קומט מיט חניפות, מיט פאלשע קאָמפּלימענטען,

אַ שבת, אַ יום טוב האָב איך שוין פיעל געסט.
איך געדענק, ווען איך בין אַ יתום געבליעבען,
בין איך געווען עלענד, קיין גואל, קיין פריינד.
אַך, איהר מענשען! איהר זייט ווי פליגען,
איהר קומט צו פליהען, ווען די זון מיר שיינט,
און ווען מיין רעדעל ווערט איבערגעקעהרט,
ענטלויפט מען פון קליין ביז גרויס.
איך האָב מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

יב.

הכלל אין וועלט חדר זעהט מען זיך אָן
אַ גרויסען זווערינעץ מיט אַלערליי חיות;
אַ טיגער, אַ פוקס, אַ ווילדען האָהן,
אָן אָבעזיאַנע אין א קאַפּעלוש מיט איהרע הויות,
אייזלען און פערד, וועלף און בערען,
גיפטיגע שלאַנגען, קעץ און מייז,
שלאַפינקע שעפּסעלעך, וואָס לאָזען זיך שערען
און אָפּטער צו זיין פאר די חיות אַ שפּייז —
דער ברומט, דער טאַנצט, דער יאָגט,
דעם דריקט מען די נשמה אַרויס —
דעם נמשל וואָלט איך נאָך געזאָגט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

# דער זומער מיט'ן ווינטער

דער זומער.

דער זומער פאַר'ן מענשען —
ווי ליעב איך בין, ווי טריי,
איך דעק די פעלדער מיט גרינסען צו,
איך מאך די לופטען פריי.
איך ברענג דעם שעהנעם פריהלינג
מיט אַלע פרעהליכקייט,
ווי שעהן עס איז דאָס גרעזעלע
אין מאַיאָווע צייט.
און דער ווינטער דער מערדער —
ווער איז זיינע געסט?
די שנעען, די טומאַנען
מיט די גרויסע פרעסט.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
זעה נאָר, גוט בעטראכט
פון די היצען געהט די כוחות אויס —
דער מענש ווערט אָפּגעשוואַכט,
די זון ברענט איהם, ווי פייער,
עס איז שרעקליך הייס;
שוואַך און שלאַף ווי אַ פליג —
עס גיסט איהם טייכען שווייס;

און ביי מיר איז ער געזונט און שטייף,
ער דאַרף קיין גרויסען קאָסט.
טהוט אָן אויף זיך וואָס מעגליך איז,
שטאָלצירט אין גרעסטען פראָסט.

דער זומער.

דער זומער פאַר'ן מענשען —
ווי ליעב איך בין, ווי בחיר.
אין גערטנער און אין פרוכט־סאָרען —
דער שעהנסטער שפּאַציר;
די פויגעלעך זיי זינגען,
ער ליגט זיך אויפ'ן גראָז;
די בלומען רינגלען איהם אַרום,
דער ריח שמעקט צום נאָז.
און דער ווינטער דער מערדער,
דער פראָסט איז זעהר גרויס,
עס שטערט איהם די פערגעניגען,
קען ניט פון שטוב אַרויס.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער
וואָס מאכסטו זיך אַזוי גרויס.
די פליעגען, די קאמארעס, —
זיי בייסען שטיקער פלייש.
די עסען דאַרף מען היטען,
עס זאָל מילבען ניט אַריין.
לבד וואָס טאָטשען ביי נאכט אין שלאָף
מען קען ניט רוהיג זיין,
און ביי מיר איז קיין פליגען דאָ;
דאָס עסען ריין און גוט.

ביי נאַכט ליגט ער איינגעדעקט
און שלאָפט זיך גאַנץ באַרוהט

## דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען
איז דאָך פאָרט ניט שלעכט,
קיין שויב ניטאָ, קיין האָלץ ניטאָ,
ביי מיר איז אַלעס רעכט.
איך מאך ניט אָן קיין קאָסטען,
בעלייכטונג לאָז איך צורות.
איך דאַרף קיינמאָל קיין פוטער ניט
קיין פּערענע אויך דערצו.
און דער וויי־אַזער דער מערדער —
ברייגנגט אויס גאָר די געלט
אַ קאַפּטעלע, אַ וועגעלע האָלץ, —
מען היט זיך רק פון קעלט.

## דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
בערעכען זיך אַליין.
דער רובעל האָט קיין שפּאָר ביי דיר,
עס מוז ווי זאַלץ צוגעהן.
פערגעניגען און קאָמעדיע
אויב ער נאָר פערזוכט
די שפּעטקען1) מיט די סערעלעך
מיט די יונגע פרוכט
און ביי מיר איז דאָס אלץ פערשפּאָרט
פון שטוב נאָך ניט אַ טריט;

דער רובעל בלייבט ביי זיך אין טאַש,
אַז מען זעהט ניט ווילט זיך ניט.

## דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען,
זיין האָפענונג איז גרויס,
דער קאָרען אויפ'ן פעלד
ווי שעהן ער וואַקסט דאָס אויס.
מען שניידט, מען בינדט זיי אין גארבען,
מען טראָגט זיי אין דער הויך
מיט שמחה, מיט גרויס פרייד,
מען זינגט נאָך לידער אויך.
און דער ווינטער, דער מערדער
קומט ווי דער העלד
דורכאוים פערוועהט, דורכאוים פערשנעעט,
דורכאוים א ווייסע פעלד.

## דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער
מיט דיין קאָרן וואָס וואקסט אוים.
דו ביזט דאָך אַ בריה נאָר
אַז ער שפּראָצט שוין אַרוים.
אַז דאָס קינד קען שוין זעהן די וועלט
האלט ער שוין גאנץ ווייט,
נאָר די מיהע בעשטעהט אין דעם,
נאָר אין דער יונגער צייט.
און ביי מיר ליגט ער אין ווארעמקייט,
ווערט זיך דיק און גרויס

דער שנעע פון אויבען דעקט איהם צו
ביז ער שפּראָצט ארוים.

## דער זומער.

דער זומער פאר'ן רייזענדען
איז ער א גוטער פריינד,
געהט גאנץ ליכט אָנגעטהאָן,
די זון אויבען שיינט.
אויפ'ן גראָז קען ער זיך רוהען,
ווי אויף א ווייכען שטול,
די בוימער פון די זייטען
מיט גרינע בלעטער פול.
און דער ווינטער, דער מערדער
ביינאַכט די וועג פערוועהט,
ער זעהט קיין וועג, ער זעהט קיין שטעג,
ער זעהט ניט וואו ער געהט.

## דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
וואָס גיסט איהם פאר אַ נוץ,
ער קען ביי טאָג ניט פאָהרען,
עס ברענט איהם שטאַרק די היץ.
די רעדער כאפּען ברענען,
זיין גומען אויך דערצו,
די פערד — זיי ווערען אָפּגעשוואכט,
שרעקליך היים ביזטו.
ביי מיר איז ער פאָלקאָם פריי —
אַ שליטענס וועג געמאַכט.

די לבנה שיינט, דער וועג — ער גלאַנצט,
כאָטש פאָהר אַ גאַנצע נאַכט.

דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען,
כ'בין דאָך גוט אַזוי!
דער רעגען טרינקט די פעלדער אָן,
ביינאַכט — דער זיסער טהוי.
אויף מיר בעשטעהט זיין לעבען —
— ווער נאָר שכל האָט —
אַז עס פעהלט איהם עטוואס רעגען,
שרייט ער שוין צו גאָט.
און דער ווינטער, דער מערדער,
וואַרפט שנעע פון דער הויך.
עס ווערט דערפון געוויסערען,
פערטרינקט די מיהלען אויך.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
אַז דער רעגען געהט אין שניט,
בעט מען ער זאָל אויפהערען,
און ער פאָלגט דוקא ניט.
אַז מען געהט אין וועג אין רעגען,
ווערט מען דורכגעווייקט,
פון די דונערען, די בליצען,
די ביימער — ווערט צולעגט.
און ביי מיר אין פאַראַנען,
וואָס מען שטעלט עס אָפּ
צו קעלערען, צו וואַסערען —
צי צו אַ קראַנקען קאָפּ.

## דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען
ווי ליעב איך בין, ווי גוט,
דעם גאַנצען טאָג ער האָרעוועט,
פארנאַכט איז ער באַרוהט.
ער געהט זיך אין טייך באָדען
פרעהליך — גאָר אַ בחור,
אַלע נייע פרוכטען
קריגט ער אויך ביי מיר.
און דער ווינטער, דער מערדער,
פערקויפט איהם פאר אַ קנעכט,
ער האָט קיינמאָל קיין אָפּרוה ניט,
האָרעוועט גאַנצע נעכט.

(דער ווינטער)
וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
מיט דיין פרייע צייט,
דו געהסט אַוועק וויינענדיג,
מען זעהט קיין פרעהליכקייט.
די ספירה מיט דריי וואָכען,
פעריאמערט און פערצאָגט,
אלול, ימים נוראים — —
רק ער געהט און קלאָגט,
און איך דאַרף קיין טרערען ניט,
ביי מיר איז אַלעס רעכט.
חנוכה און פּורים
פערברענג זיך גאַנצע נעכט.

1857.

# דאס ליעד פון אויג

א.

זאָג מיר, דו אויג, איך פרעג נאָר דיר,
דו ביסט דאָך געשעצט אין דער וועלט.
ביסט טייער, ביסט איידעל, ביסט שעהן אָהן א שיעור,
ביסט גלייך ווי א פענסטער אין געצעלט.
דו שטעהסט איהם אין קאָפּ ווי א פיקעט אויפ'ן טורעם,
פון שטיינער, פון גריבער ביסטו איהם אַ שירעם.
ביסט קלאָר ווי קריסטאל, ווי דימענטען פיין,
איידעלער פון די אויג קען שוין ניט זיין.
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרוים פרייד רינט פון דיר
אַ טרעהר.

ב.

ווי שעהן, ווי רייך דו זעהסט אויס אין גאַנצען,
ווי א דימענט אין א גאָלדענעם רינג.
דער שוואַרצאַפּעל אין מיטען טהוט אין דיר טאַנצען,
עס לויפט און בעטראַכט אלצדינג.
קיין פויגעל, קיין קויל לויפט ניט ווי דו,
געשווינדער פון אלע, דו אויג, ביסטו.
אומעטום אַ בליק און גלייך בעטראַכט,
ווער פערמאָגט עס, ווער קען עס, ווער האָט עס
די מאַכט.
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר,

אַז ווען דו לאַכסט מיט גרויס פרייד, רינט פון דיר
א טרעהר.

ג.

פאַר וועמען איז טהעאַטער מיט אַלע אַקטיאָרען,
שפּיעלען ראָלעס אַ פּראַכט.
פאַר וועמען איז זיידענס אין אַלערליי קאָלירען,
אין דעשענעס אין צווייגען געמאַכט.
פאַר וועמען איז בלומען וואָס וואַקסען אין גאָרטען,
אַנגענעהמע רויזען, וואָס געפינען זיך דאָרטען.
דעם בלינדען מענשען נוצט דאָך עס ניט,
נאָר פאר דיר, דו אויג, פאר דיר איז דאָס גוט.
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר,
אַז ווען דו לאַכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
אַ טרעהר.

ד.

די געמאָהלטע פּאָקאַיעס אין אַלערליי קווייטען,
פאר וועמען איז מעהר ווי פאַר דיר.
די טייערע בילדער וואָס קאָסטען דוקאַטען,
געזיכטער אויף געגילטען פּאַפּיר.
פייער צום לייכטען, גאַזע צום ברענען, —
אַלע זעהען דיר און דו זעהסט יענעם,
אָהן דיר איז דער מענש געצוואונגען אין פּרעס,
ווען די אויג פעהלט, חלילה, איז ער גלייך צו אַ מת.
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
אַ טרעהר.

ה.

זילבער פּערעל, טייערע בריליאנטען,
פאר וועמען איז מעהר ווי פאר דיר.

נייע מאָדישע קליידער וואָס טראָגען נאָר פראנטען
אין פערגעניגען פון געמיינעם ביז דעם גביר.
פון אַ שעהן ליעב קינד, ווער האָט הנאָה,
דעם שמייכעל ,די מינע, די איידעלע המצאה, — — —
אין אַלע תענוגים וואָס קומט נחת צו
ווער קוקט עס, ווער זעהט עס מעהר ווי דו, —
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר,
אַז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
אַ טרעהר.

ז.

ווי וואָלט דער מענש וויסען ווען טאָג און ווען נאַכט,
ווען דו וואָלסט איהם ניט אָנגעזאָגט
ווען די זון, די לבנה לייכט לויטער אַ פּראַכט,
און ווען זיי א וואָלקען פערשלאָגט.
דער קאָלירטער רעגען־בויגען וואָס וואונדער צו זעהן,
דער פייערדיגער בליץ וואָס גיט פּלוצלונג א ברען,
די זון, די לבנה מיט די פרעהליכע שטערען,
פון וואַנען וואָלט ער וויסען ווען ניט דעם אויג'ס
ערקלעהרען.
טאָ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר
אַז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד, רינט פון דיר
אַ טרעהר.

# דער ענטפער פון די אויג

ז.

מוזט וויסען, דו מענש, ביזט פערנאַרט אין מיר,
אין אַלעס וואָס דו האָסט דאָ גערעדט.
איך דיען דיר, איך לייכט שטענדיג רעגוליר,
איך מוז טאָג און נאַכט שטעהן אויף פיקעט,
עטוואָס אַ פּול1) איז ביי מיר אַ מניעה,
די עלטערע יאָהרען טונקעלט מיר די ראיה.
איידעל צו זיין איז ניט קיין גרויסע מעלה, —
דאָס קלענסטע, דאָס מינדסטע מאַכט מיר שוין קאַליע,
אָט דאָס איז מיין שמערץ, אָט דאָס איז די זאַך,
דאָס רינט מיר די טרערען, ווען איך האַסטיג לאַך.

ח.

די אַלע פערגעניגען וואָס איך זעה זיך אָן, —
קריינקט מיר נאָך מעהר דאָס הערץ.
פון קליידער, פון ציערונג וואָס יעדער טהוט אָן
האָב איך פערדרוס, קנאה און שמערץ.
דער האָט אַ שעהן קינד, דער אַ גאָלדענע קייט,
דער אַ שעהן ווייב, דער גראַפיש געקליידט;
פון דאָס מינדסטע זאַך וואָס יענער פערמאָגט,
זאָרג איך און טראַכט; ווי ווערט עס דעריאָגט ?—
אָט דאָס איז מיין שמערץ, אָט דאָס איז די זאַך,
דאָס רינט מיר די טרעהרען, ווען איך האַסטיג לאַך.

ט.

די אויג פון מענשען איז קיינמאָל ניט זאַט,
וויִ דער שטראָם אויפ׳ן ים הין און הער.
פון דעם געמיינעם ביז דעם רייכען גראד,
יעדערען פעהלט רק נאָך מעהר.
דעם פעהלט געזונד, דעם כבוד, דעם געלט,
דעם פרנסה, דעם קינדער, דעם לעבען אויף דער וועלט.
עס טרעפט ניט אַ מענש, ער זאָל שטאַרבען מיט אַ גבול,
און זאָל האָבען זיין פארלאַנג אין גאַנצען פארפול.
אָט דאָס איז מיין שמערץ, אָט דאָס איז די זאַך,
דאָס רינט מיר די טרעהרען, ווען איך האַסטיג לאַך.

י.

די אַלע פערגעניגען פון יעדער מינוט,
איז דאָס צו א חלום געמעלט.
אַז יעדער שעה רופט מיר רק מיט,
עס ווערט מיר רק פינסטער מיין וועלט.
די אידעלע אויג מיט איהר גרויסע שמירה,
וואָס ווערט דערפון פאר ועמען אַ דירה.
די אויג איז אמת שעהן, זי קליידעט צום גוף,
אָבער מעהר ניט ביז מען לעגט איהר די שערבלאך אַרויף.
אָט דאס איז מיין שמערץ, אָט דאָס איז די זאַך, —
דאָס רינט מיר די טרערען, ווען איך האַסטיג לאַך.

יא.

על כן דו מענש היט זעהר מיר,
די אויג האַלט פעסט איין צוויק.
היט גאַנץ שטרענג איהר קעהר און איהר ריהר,
היט יעדער קוק, יעדער בליק;

קלעם זיך ניט, בעדויער ניט יענעמ׳ס שטיקעל גליק,
קוק ניט וואָס העכער, נאָר וואָס נידעריג.
בענוגען זיך וואָס דו האָסט, מיט דעם וואָס איז דיין,
זיי רוהיג דאָ, וועסטו דאָרטען רוהיג זיין.
אָט דאָס איינע היט, וועל איך זיכער זיין אַליין,
אַז איך וועל לאַכען מיט גרויס פרייד, וועט קיין
טרעהר ניט געהן.

1858

# דאס ליעד פון רובעל

א.

מיט דיר, רובעל האָב איך שוין לאַנג געוואָלט
אַ וויכוח האָבען, ווען איך וועל דיר זעהען.
ווארום ווי פיעל מאָל דו האָסט מיר געפעהלט
און איבער דיר איז מיר ענג געווען, —
האָב איך געוואָלט רק פרעגען דיר,
ערקלעהר מיר דעם יחוס דיין,
נאָר אויב דו וועסט אין כעס אויף מיר,
קען מיר נאָך ערגער זיין.
אָבער איך מוז זיך שוין בעשליסען,
דו מעגסט שוין אַלעס טהאָן,
איך מוז דיין יחוס וויסען,
וואָס ביסטו פאר אַ האָן.

ב.

פון בערג, פון ערד קומסטו אַרויס,
און ווילסט דעם מענשענ׳ס שטאָלצירער זיין;
דו מאַכסט איהם קליין, דו מאַכסט איהם גרויס,
דו מאַכסט איהם פראָסט, דו מאַכסט איהם פיין.

האָט ער נאָר די מטבע,
שטייגט ער אין הימעל הויך,
עס גילט שוין שטאַרק זיין דעה,
זיין וואָרט, זיין צעטעל אויך;
דעם שפל ביזטו מיחס,
וואָס דו ווילסט, פיהרסטו אויס.
דער אונגליק און דער נחת
קומט דורך דיך ארויס.

ג.

ווי גליקליך וואַר די פאָריגע וועלט,
אַז דער מענש האָט דיך ניט געקענט;
קנאה און שנאה האָט געפעהלט,
וואָס ווי א פייער אין האַרצען ברענט.
ווי דו ביסט געוואָרען בעקאַנט,
האָסטו גלייך די וועלט צוריהרט;
ווער דיך נאָר האָט אין האַנט,
איז האָפּערדיג און שטאָלצירט.
ניין, ברודער, ניין, —
דו האָסט ביי מיר פערשפּיעלט.
רעגיערסט זעהר געמיין,
ביסט גאָר אַ פאַלשע בילד.

ד.

וואו מען געהט, וואָס מען רעדט,
ביסטו רק דאָ אין דער מיט;
וואָס מען טראַכט, וואָס מען זעהט,
איז אָהן דיך — נאָך ניט אַ טריט.
דו גיסט איהם כבוד פיעל,
יחוס במלואה,
מען גיט איהם שוין אין שוהל
די טייערסטע עליה.
ער איז זיך מתחתן
מיט רבנים שידוכים טהאָן,

ער לייקענט שוין דעם טאַטען,
וואָרום עס שטעהט פאַר איהם ניט אָן.

ה.

און ווער עס האָט ביי דיר ניט קיין חן,
לויפסטו פון איהם צעהן קלאַפטער ווייט;
ער ווערט נעבעך אָרים און געמיין,
ניטאָ קיין מוטה און קיין פרעהליכקייט.
זיין כבוד האָט ער שוין פערלאָרען,
זיין צדקה פערגעסט מען שוין;
זיין יחוס האָט ער אָנגעוואָרען,
זיינע רייכקייט און זיין קרוין.
זיינע פריינד טהוען איהם ניט קענען,
ווי אַן אויסלענדער פון פּאַריז,
זיי האָבען איהם אָפּגעקאָסט הונ׳ען,
היינט ווייסען זיי ניט ווער ער איז.

ו.

דאָס מינדסטע קינד, וואָס אָהן פערשטאַנד,
ליעבט שוין אויך דיר זעהר פיעל.
ער וויים, אַז ער האָט דיר אין האַנט,
בעקומט ער שעהנע צאַצקעס־שפּיעל,
ווי ער עלטער ווערט,
איז ער פערנאַרישט נאָך מעהר.
וואָרום די הוצאה ווערט איהר געמעהרט,
דער יאָך איז איהם גאַנץ שווער.
ער איז פערקויפט אין זיין אייגען הויז,
ביז ער דעם לעבען פערפאַסט,
דאמאָלס ווערט ער ערשט לויז
פון דיין שווערען לאַסט.

ז.

חוץ אלצדינג קען איך ניט פערשטעהן,
וואָס דו קענסט ניט איין זיין אויף אַן אָרט;
שוועבסט אַוועק ווי אַ פויגעל אַליין,

פלינק און גרינג ווי מען רעדט אוים אַ וואָרט.
דו שפּיעלסט די ראָלע געשייט,
פערבלענדסט די אויגען אַלע,
דעם מענשענ׳ס קורצע צייט
בייטסטו אַלע וויילע, —
דאָ מאַכסטו איהם הויך געשטיגען,
דאָ נידעריג ביז צום ברעג,
וואָס שטערסטו איהם זיין פערגעניגען
פון זיינע געצעהלטע טעג.

ח.

ווען דער פּראָסטער טהוט דיך קריגען,
ווייזטו איהם ווער דו ביסט;
גיסט איהם אַזעלכע פערגעניגען,
וואָס ער האָט פריהער ניט געוואוסט.
דו ענדערסט איהם זיין פיהרונג,
מאַכסט איהם אַ נייעם שם,
ער קויפט שוין זילבער און צירונג,
וואָס פּאַסט גאָר ניט פאר איהם.
ער ווערט שוין איידעל אויפ׳ן מאָגען,
אָבער ניט פאר דער וועלט.
עס איז לייכט יעדערען צו זאָגען,
אַז דאָס מאַכט איהם אַן דאָס געלט.

ט.

אָבער דעם גייץ פון געלט אַז דו מאַכסט אין גביר,
אָט ווערסטו שוין אויסגעריסען;
טיעף אין דער ערד בעגראָבט ער דיר,
אַז זיין ווייב און קינד טאָר אויך ניט וויסען.
אָט פערלירסט שוין גאָר דיין שפּיעל,
דיין ווערדע וואָס דו האָסט.
דו ליגסט דאָרטען שטיל,
ביז דו ווערסט פערראָסט.

איצט זעה איך אויף דיר אַ נקמה,
וואָס דו האָסט מיך געוואָלט,
אָט ליגסטו אין דער אדמה,
אַך! דו פערפלוכטעס געלט.

1858

# די פערדאָרבענע בילדונג

1

מען לאַכט פון פערצייטיגע דורות,
אַז די דומהייט האָט זיי פערפיהרט,
אַלע ביכער זיינען פול מיט עבירות,
ווי דער שקר האָט עקסיסטירט.
אָבער ליידער טרעפט היינט אַזוינע,
וואָס רופען זיך פון היינטיגער וועלט,
און טהוען אָב מעשיות געמיינע,
ווייל דער שקר איז מיט אמת פערשטעלט.
זיי מאַכען די בילדונג מכלה,
מיט זייער נאַרישען סטראָי[1])
און שרייען נאָך און זאָגען פאר אַלע,
אַז די בילדונג פערלאַנגט עס אַזוי.

2

ביי היינטיגער וועלט אַ אינגעל,
מען לאָזט איהם בילדען עטוואָס,
האָט ער שוין אַ געשליפענעם צינגעל,
ער איז שוין אליין בעל הבית.
דעם פאָטער הערט מען ניט זעהר,
די מאַמען לאַכט מען גאָר אויס,
ווי אַ הון אויף קאָטשקענע אייער,

אַזוי נעבעך זעהען זיי אויס.
אויף „כבד“ דאַרף מען ניט קוקען,
דען אמונה איז שוין לאַנג פערביי;
אויף „כבד“ זאָגט ער נוטריקון,[2]
כ׳יאם ב׳אצקע דאוואי.[3]

3

וואו א קינד ווערט מיט אַדעל ערצויגען,
מען פלאַנצט איהם איין זיטען אין זיך,
זיין טריט און זיין וואָרט ווערט געוואויגען,
טרעט ער נאָך פון וועג ניט אָפּ גיך.
אָבער אַזעלכער, וואָס האָט קיין ערציהונג,
געוואַלגערט זיך אין אַ פרעמדער קיך,
ער איז שוין פערדאָרבען פון בליהונג,
און האָט קיין כאַראַקטער אין זיך;
ברויט פלעגט ער קלייבען אַ ברעקעל,
קיין העמד האָט ער קיינמאָל געהאַט,
און ווערט פּלוצלונג אַ פראַנט אין אַ רעקעל,
און איז שוין אַן אַריסטאָקראַט.

4

ווען איך וויל מען זאָל מיר אַכטען,
פאַר אַ גרויסען געבילדעטען מאַן,
כאָטש איך קען געאָמעטריע ניט בעטראַכטען
די מאָס פון אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן,
טהו איך מיר אָן אַ פּאַר ברילען,
כאָטש איך קען גאַר נישט קוקען אויף זיי,
און געשייט די ראָלע צו שפּילען,
מיט „פּאַרדאָן“ און מיט „באָן זשור מאסיו,“
און דערמאָנען א פּאַר גרויסע מענער,
ווי פּושקין און לערמאַנטאָף,
דאַן האַלט מען מיך פאַר א קענער,
איך בין שוין אַ פילאָזאָף.

5

וואַרף איך אַן אויג אויף אַ פריילין,
זי מעג זיך פון גרעסטען שטאַם זיין,
האָב איך שוין די ביקסען, די פיילען,
ביז זי פאַלט אין מיין נעץ אַריין.
עס העלפט ניט וואָס עלטערן שטערען,
דען זי איז שוין פערקראָכען צו וויים.
נרן פיעל איך וויל מוז ווערען,
און אַ זייגער מיט א גאָלדענע קייט.
עלטערען זיינען גענויטע,
זיי מוזען מיט גוואלד זאָגען „יע“,
אויף מאָרגען בעקום איך אַ צווייטע,
זאָג איך צו די ערשטע „אַדיע!“

6

און די מיידלעך, וואָס ווילען זיין כלות,
און דאָ איז ניטאָ מיט וואָס,
דען אין שטוב סוויסטשעט דער דלות,
דער אביון איז דאָרט בעל הבית,
און דאָ איז זי אַזוי אונגעבילדעט,
פונקט מיט איהר באבען צוגלייך,
דער כאַראַקטער איז פראָסט און פערווילדעט,
אַז איך שעם מיך צו זאָגען פאר אייך,
פערבעט מען צו זיך אויף וויזיטען,
אַ שילער פון פערווי ראזריאד,(4
און מאַכט קאָמפלימענטען אין מיטען,
אָט בין איך אַ געבילדעטע מאַד.

7

זי סמאָצקעט דעם פאָטער ווי אַ פיאַווקע,
הויל צוליעב שטאַט און פוץ.
דער שיניאָן(5 מיט די גאַנצע פאָפּראַווקע
אַזוינס, וואָס פערליערט באלד דעם נוץ;
וואָס דער פאָטער צאָהלט דערפאר וואָכער,
דאָס געהט איהר גאָר נישט אָן,

האַנדשוה מוז זיין מיט א פּאָכער,
און אַ פלעשעל אָדעקאָלאָן,
דערצו דעם אידען אויסלאַכען,
פערהאַסען זיין טריט און זיין בליק,
קאָמפלימענטען מיט חנ׳דעלאך מאַכען,
אָט בין איך אַ פריילין אַנטיק.

8

ווי זי הויבט נאָר אָן רוסיש צו קענען,
לעזט זי שוין באַלד אַ ראָמאַן,
די יונגע בלוט הויבט אָן צו ברענען,
דען זי געפינט דאָרט אַ יונגען סטעפּאן,
זיינע באַקען ווי צוויי שעהנע בלומען,
זיינע אויגען ווי צוויי שטערען לייכט,
„אַך, איך וואָלט איהם בעקומען,
ווער וואָלט צו מיר זיך פערגלייכט!“
זי פערגעסט, אַז דאָס שרייבט אַ פערפאַסער,
וואָס האָט דאָס פון קאָפּ אויסגעטראַכט,
און זי זוכט איהם אין פייער און וואַסער,
ער קומט איהר צו חלום ביי־נאַכט.

9

ביינאַכט זוכט זי נאָר פּלאַנען,
זי ליעגט און עס הויבט איהר פון אָרט,
ווי אַזוי זי זאָל זוכען סטעפּאַנ׳ען
און קוויקען זיך מיט זיינעם אַ וואָרט.
איהרע געדאַנקען און פאַנטאַזיע שוועבען:
„אויב ער וועט אָנטרעפען מיר,
„איך וועל זאָגען: מיין ליכט, מיין לעבען,
„מיין האַרץ איז אין גאַנצען פאר דיר!“
זי זוכט איהם אויף אַלע בולוואַרען,
אין טהעאַטער און אויפ׳ן פּלאַץ,
וואו הערען מוז זי זיך דאָרט שפּארען,
און דער הערר הערט איהר ווי די קאַץ.

10

אַז מען דאַרף געהן סטעפּאַנ׳ען געפינען,
מוז מען געקליידט זיין ־שאַרמאַנט,
אין א רעטאָנדרע פון פּאַריז מאַגאַזינען,
און א הוט און א זאָנטשיק אין האַנט.
זי שטעלט גאָר דעם פּאָטער בדלות,
וואָס פערהאָרעוועט זיין גראָשען מיט שוייס,
און וואַרפט זיך ווי אַ שיף אין די כוואַליעס,
און זי בריינגט עס אויף נאַרישקייט אוים.
אַז די מוטער הייסט איהר בראָקען לאָקשען,
אָדער אָנשאָבען בולבעס אין טאָפּ,
קוקט זי זיי אָן ווי די אָקסען,
ווארום איהר ליגט גאָר סטעפּאַן אין קאָפּ.

11

עס לויפען די טעג מיט די וואָכען,
די בעקלעך איז שוין ניט אזוי שעהן;
די קליידעלעך ווערען צוקראָכען,
און דאָ מוז מען די מאָרע נאָכגעהן.
דער פּאָטער בעט אָן שדכנים,
ער וויים דאָך זי איז שוין ניט יונג,
אַז עס קומען אין שטוב מחותנים,
גיט זי אין לופטען אַ שפּרונג,
בכן פרעגט דער פּאָטער מיט תקיפות,
„אַז ניט דעם, טאָ וועמען ווילסטו ?"
ווייזט זי אַרויס איהרע חציפות:
„טאַקיך סאָווסיעם ניע חאָטשו!"6)

12

מען מוז שוין די טהירען אויפמאכען,
פאר שאַרלאַטאַנעס און שפּור אַלערליי,
מען פלעגט פריהער אַליין פון זיי לאַכען,
איצט מוז מען נאָך חנפ׳ענען זיי.
עס ווייזען זיך פּאַפּירענע קעלנער,
רעקלעך פון אַלטען טאַלקוטש,7)

רינגלעך געקויפּט פון די זעלנער,
קאמאשלעך מיט לַאטעס אַ טוץ,
און איז א בריה אויף אַכילה ושתיה,
אַלע טעלער אין קיך לעקט ער אויס;
אָבער דער פאַטער כאַפּט קוים די מציאה,
אַבי די משוגעת זאָל פון זינען אַרויס.

13

זי ווערט שוין מיט מזל אַ פערדרעהטע,
מען שטעלט חופּה מיט דעם טאַראקאַן,(8
צי זי וויל, צי זי איז אַ געגנויטע,
אַבי נאָר זי האָט שוין אַ מאַן.
אָבער קען זי דען זיין אַ בעל־הבית׳טע,
אַז זי פלעגט גאָר שפּאַציערען אין גאַס,
פארפעל אַז זי קאָכט אויס גאָר פּראָסטע,
איז אויך פול מיט רויך און מיט אַש;
איהרע קינדער ערציהט זי ניט בעסער,
ווי מען האָט איהר זעלבסט ערצויגען אין שטוב,
צום מאַן ווערט די שנאה רק גרעסער,
ווארום פּוסטע פאַנטאַזיעס בעגלייט איהר צום גרוב.

14

די בילדונג ווינשט פון די פרויען,
צו זיין אַ ווירטהין פאר זיך,
האפטען און שטריקען און נייען,
דערצו די השגחה אין קיך.
געפינט זיך היינט גאָר אַ פריילין,
וואָס לערנט דעם פּשט גאָר פערקעהרט,
אַז אַ קלייד פון 28 איילען,
הייסט עס ביי איהר אויפגעקלעהרט.
און לעזען א צוויי־דריי ראָמאַנען
און בעזוכען דעם טהעאַטער פארנאַכט,
און מיט וואונקען — ליעבע פערשטאַנען,
אָט בין איך אַ פריילין — אַ פּראַכט.

# מיר זיינען קינדער

אָבינה באנוש, וזאת חקרתי,
כי כילדים נתהוללה.
אחת היא, על כן אמרתי:
„ילדים נחנו סלה“!

איך בעטראכט דעם מענשען און יעדער סאָרט,
מיר זיינען דום ווי קליינע קינדער:
דארום בלייב איך ביי מיין שפריך־וואָרט:
„מיר זיינען קינדער אַלטערהייד.“

א.

דאָס קינד ווי עס ווערט געבאָרען באַלד,
שרייט ער מיט קולות פון דעם געצעלט;
אָבער פרעגט ביים קינד, וואָס איז זיין געוואלד,
מען שיקט איהם דאָך לעבען אויף אַ וועלט.
מיר זיינען אויך ווי קינדער דזשיק,
מען שיקט אונז לעבען, מיר שרייען „ניין“.
דער לעצט רופט אונז צום וואַהרען בליק,
נאָר מיר האָבען מורא צוצוגעהן;
דרום איז דער געוואַלד זעהר קרום
ביי אונזער לעצטע שעה,
דאָס ווייזט אויף אונז, אַז מיר דענקען דום,
אַז השארה איז ניטאָ.
קוקט איך אום,
בעטראַכט אַ בלום,
אָדער יעדען בוים בעזונדער;
דער ווינטער אַראָב,

לעבט דאָס אָב —
נאָר גוואַלד מיר זיינען קינדער.

ב.

פיעל יסורים ליידט אוים דאָס קינד צום יום המילה,
און דאָ הוליען קאָמפּאַניע,
פיעל בלוט קאָסט אונז אמונה לכתחילה
אין פּאָרטוגאל, אין רוים, אין שפּאַניען,
דאָ קרייציגט מען קעצער אין אינקוויזיציאָן1)
אין קנאת הדת איינגעטונקט;
דאָ ברענט מען מענשען פאר רעליגיאָן,
און דאָ דער עולם מען הוליעט, מען זינגט.
ווי גרוים איז די פרייד אין אַ טאָג צי צוויי,
דאָס קינד ווערט רוהיג, פריי,
און עס טהוט איהם עטוואָס ווע,
לויפט דאָס אויך פאַרביי.
זעה גוטעס צו טהאָן
פאַר דיין נאַציאָן,
געה נישט ווי אַ בלינדער;
לאַך ניט, פּלוט,
דאָס קאָסט אונז בלוט —
גוואַלד מיר זיינען קינדער.

ג.

דאָס קינד ענטוועהנט מען אין אַ מזל'דיגער שעה,
און ער מיט קולות וויינט און שרייט;
איז דען ביי אונז גרויסע דאָס זעלביגע ניטאָ,
מיר ליעבען הבלים, נאַרישקייט.
בשעת מיר האָבען אין מצרים געוואוינט,
האָבען מיר דאָרט הבלים געזויגען געדיכט,
ביים הר סיני האָט מען אונז ענטוועהנט
און דעם נאָפּעל מיט רום איינגעריכט.
נאָר אין דער מדבר רק געשריען,
געבענקט נאָך די נבלות,

און אין שמרון און אין ציון,
און די גאַנצע צייט פון גלות,
און עד היום
איז ווי אַ תהום,
עס ווערט נאָך גאָר ניט לינדער,
נאָר יענע ברוסט,
וואָלט ער געקושט —
גוואַלד, מיר זיינען קינדער.

ד.

דאָס קינד בעקומט שוין שכל, פערשטעהט און וויס,
ער ווערט מיט מזל אין חדר געבראַכט.
דאָרט ווייזט איהם דער רבי דעם אלף בית,
לעזען און שרייבען וואָס ער טראַכט.
די וועלט איז אַ ספר, וואָס פיעל בעטייט,
מען דאַרף נאָר קענען לעזען גוט,
אונזער רבי איז די צייט,
זי ווייזט די אותיות מיט'ן שטריינגען רוט.
יעדער שעה איז אַן אות,
אַ נקודה — אַן אויגענבליק,
מען דאַרף נאָר לעזען, וויסען וואָס
און לערנען רק פּראַקטיק.
אָבער ער זעהט אַ וועלט
און עס איז איהם פערשטעלט,
געהט רק ווי אַ בלינדער,
זעהט אַן אות
און פערשטעהט ניט וואָס —
גוואַלד מיר זיינען קינדער.

ה.

דאָס קינד שפּיעלט אין פערדלעך זעהר וואויל,
עס טרייבט איהם רק דער יונגער גייסט,
איינער האַלט אַ שטריקעל דעם צאם אין מויל,
דער צווייטער פון הינטען טרייבט און שמייסט.

וואָס לאַכען מיר פון דעם קליינעם קינד,
בײַ אונז הערשט אויך, ווער קרעפטען האָט
דער הערשט שטרענג איבער זיין הויז־געזינד,
דער נאָך שטרענגער אין קלויז אויף זיין שטאַט, —
רעכענט זיך נאָר פּאָר אַ מענשען,
דעם צווייטען פאַר אַ פערד, —
יענעם שילטען, זיך נאָר בענשען,
אוי גאוה איז אַ שווערד!
מען זעהט דאָס רוב,
ער איז גאַטאָוו(2
צו שניידען ווי אַ שינדער;
לאָז איהם צו רוה,
ער איז א מענש ווי דו —
גוואַלד, מיר זיינען קינדער.

ו.

דאָס קינד האָט אמאָל אַ פייפעלע דערטאַפּט,
געפייפט, בעריהמט זיך דעם גאַנצען טאָג;
די קינדער פון קנאה האָבען בײַ איהם אַרויסגעכאַפּט
און ער האָט געשריען, געוויינט מיט אַ קלאָג.
דער פאַלשער כבוד איז דער פייפעל'ס קול: —
דער שרייט מען זאָל איהם מפטיר געבען;
דער פאַלשער כבוד מאַכט אַמאָל,
אַז מען וויינט דורך דעם גאַנצען לעבען.
דער זוכט כיבודים, דער גבאות,
דער אין קלויז אויבענאָן אַ שטאָט;
דאָס ברייגנט צו שאַנד אי צו רמאות,
צו טרערען אָהן אַ סטשאָט.
מען איז מקנא איהם
זיין פאַלשען שם,
כאַפּט מען צו די פייפעל געשווינדער,
דער עולם לאַכט איז הייפעל,
ווי ער בלייבט אָהן א פייפעל —
גוואַלד, מיר זיינען קינדער.

ז.

דאָס קינד שפּיעלט זיך אין קאַמער קאמער הויז
דעם חבר׳ס אָרט פערלויפט ער די מינוט,
און מיר זעהען עס און לאַכען זיי אויס,
און אַליין שפּיעלט מען, מען פערגיעסט נאָך בלוט;
ווי יענער גיט זיך פון געשעפט אַ ריהר,
פערלויפען מיר דערינען,
מיט יענעמ׳ס אונגליק זוכען מיר
אונזער גליק צו געפינען.
נאָר דיין רובעל האָט גאָר די מעלות,
דיין חבר׳ס איז ביי דיר אומזיסט,
אויף טעפּלעך, לעפעל פרעגט מען שאלות,
אויף אַ רובעל קיינמאָל נישט.
יענער שרויפט
און דער פערלויפט,
מען פערכאַפּט דעם שטעל געשווינדער,
נאָר פון געשעפט אַ קעהר,
פערלויפט שוין דער —
נוואַלד, מיר זיינען קינדער.

ח.

דאָס קינד פון זייף מיט וואַסער בלאָזט ער פלעשער,
ער בלאָזט, און עס פּלאַצט. עס ווערט נייע געמאַכט
און ער ווערט ניט מיעד און בלאָזט נאָך גרעסער.
אַבער מיט לעדיג קומט ער אַהיים פאַרנאַכט,
אַזעלכע פלעשער בלאָזען מיר אַלע,
פונקט ווי דער אינגעל דער געשייטער,
כאָטש די צייט איז פון זיי פיעל מכלה,
ווערען מיר ניט מיעד און בלאָזען ווייטער.
דער בלאָזט פלעשער פון פאַלשע פרומקייט,
דער איז אַ פאַלשער פריינד,
דער פערמאַסקירט זיך מיט פאַלשע רייכקייט,
וואָס פון אַ פרעמדען פלאַש דאָס שיינט,

און כאַטש עס פּלאַצען פּיעל,
מאַכט ער דאָס אויף שטיל,
און בלאָזט נייע נאָך מיט מעהר וואונדער,
אָבער אין די גרוב, די קליינע,
ברייננט ער ניט קיין איינע —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

ט.

דאָס קינד פאַר אַ צאַצקע וויינט ער דעם גאַנצען טאָג,
זיין שמחה איז אויך אָהן אַ געפיהל ;
מיר וועגען זיך אויף די זעלביגע וואָג,
אונזער פרייד מיט די לייד איז אַ קינדער־שפּיעל.
אונזער נחת מיט די פרייע מוט
אין דער נאַטור ווערט עס אויסגעלאַכט,
אונזער טרעהר וואָס פליסט מיט בלוט,
ווערט אין דער נאַטור ווי אַ קינד בעטראַכט.
אַז מיר וואָלטען גרינדליך וויסען
דעם סוד פון גאָטעס וועלט,
וואָלט אונז דאָס ניט פרעהען און ניט פערדריסען,
נאָר עס איז פון אונז פערשטעלט.
מיר רעכענען פאַר וואָהר,
אַז די וועלט איז ניט גאָר,
עס איז דאָ אַ וועלט בעזונדער ;
דעם מענשען׳ס היגע שפּיעל
מוז האָבען אַן אַנדער ציעל —
נאָר מיר זיינען קינדער !

1858

# דעם רבּי'ס שליסעלע

(דעם גאליציאנער חסיד'ס ליעד*).

א.

קום אַהער, מיין זוהן, קום אַהער צו מיר,
איך וועל דיר אַ שליסעלע איבערגעבען;
איך וויל אויף אייביג פערזאָרגען דיר,
זאָלסט האָבען פון וואַנען צו לעבען.
איך בין שוין איצט גרייט צום טויט,
איך זעגען זיך איצט מיט מיין וועלט,
וויל איך דיר פערזאָרגען מיט ברויט,
זאָלסט האָבען אַ קוועלע פון געלט.

ב.

צו ווערען אַ מלמד ביי אידישע קינדער,
ביזטו דו דאָך אַן עם הארץ די והותר;
זאָלסט ווערען אַ קנעטער אָדער אַ שינדער,
ביזטו אַ פוילער און אַ הולטיי אַ גרויסער.
ווילסט ניט לערנען, ניט טהאָן,
טאָ פאָלג זשע איצטער מיך:
איך וועל דיר זעצען אויף מיין טהראָן,
מען וועט דיר רופען במקום איך.

ג.

מיין ניט, אַז דאָ איז רייסען צי ליטאָ,
זייערע חסידים האָבען אַנדערע מנהגים;
ביי זיי האָט אַן עם הארץ ניט קיין שליטאַ,
זייערע רביים זיינען לומדים מופלגים.

דער רבי מאַכט אַ פּוסק,
דער שרייבט הייליגע ספרים,
מיר פערשפּאָרען דעם עסק,
און מיר לעבען ווי די גרעסטע שררים.(1

ד.

זייער רבי שטעלט זיין נפש אין אחריות,
זיין צורה איז אַ געלע, אַ גרינגע;
ער איז אויף בראנפען אַ נזיר און עסט אַ כזית,
ווייל ער קלאָגט אַלץ אויף גלות השכינה,
וואָס זי איז פערפלויגען פון נעסט —
אָט די דאגה מאַכט איהם מאָגער און דאַר,
און ביי אונז — מען טרינקט, מען עסט,
וועגען די שכינה האָבען מיר גאָר קיין צער.

ה.

דער רייסישער רבי איז זיי מיט תורה מהנה
צו שלש סעודות פאר הבדלה,
איז זיך דער פּראָסטער עולם אָן די לומדים מתקנא,
ווייל דער פּראָסטער קען ניט קיין קבלה.
איך דערמאָן זיי דעם וואָרט „בחינה“
און פערקריך אין זייטיגע דרכים,
איז ניטאָ קיין קנאה, שנאה,
ווייל זיי מיינען איך רעד מיט מלאכים.

ו.

אין דעם רייסישען רבי׳ן איז מען ניט אין טעות,
ער לערנט טאָקע יום ולילה;
ער קען אויך, ווי אַלע מורי הוראות,
פּסק׳ענען די גרעסטע שאלה.
פון מיר פערלאַנגט מען קיין תורה,
דאָס איז קיין האַנדעל פאר זיי,
פאר מיינע חסידים בין איך א סחורה,
אָט ווי איך שטעה און געה.

ז.

איך האָב אָבגעלעבט אַ וועלט ווי אַלע נגידים,
פערברראַכט אין אכילה ושתיה;
בין געווען אין גאַליציע אַ רב ביי חסידים,
ווארום דאָ דאַרף מען ווענינ יגיע.
קיין תורה הלוואי ווייטער,
קיין עברי נאָך ניט אַ שייטעל,
מען דאַרף נאָר זיין אַ געשייטער
און ציהען ביי יענעם פון בייטעל.

ח.

איך בין דאָך טאַקע אַ פּראָסטאַק בעצם,
ווי קום איך צו זוהר, צו קבלה?
פריהער בין איך געווען א יונג אין אַ קרעצעם,
דערנאָך ביים רבי׳ן אַ בעל העגלה.
איך האָב געזעהען ווי ער איז מכפּר עונות,
בעטראַכט ווי ער האַנדעלט מיט מלאכים,
קען איך אויך ווי ער מאַכען פּדיונות
און נעהם נאָך גרעסערע מקחים.

ט.

איך וויים גאַנץ גוט, אַז דעם גאַנצען על חטא
האָסטו מקיים געווען בשלמות,
ווען איינער האָט דאָס מיר אויסגערעדט,
האָב איך געענטפערט איהר ווייסט ניט קיין אמת:
ער איז אַ בעהאַלטענער צדיק גמור,
נאָר איהר זייט ניט זוכה עס צו פערשטעהן,
מיט דעם וואָס ער טהוט אַן עון חמור
איז ער מכניע דעם ס״ם אַליין.

י.

באַלד וועלען קומען פון שטעדטעל די נגידים,
זיי זאָלען זיין ביי מיינע הסתלקות,
מיין פערצייטיגע דזאסקע וועל איך געבען די חסידים,
זיי זאָלען מיר קלאפּען אויפ׳ן פערענע מלקות.

איך וועל הייסען שטעלען שטולען אויף קאַטאָוועס,
וועל מיט פליים מיט די אושפיזין ריידען,
בכן זיינען געקומען די אָבות
צו נעהמען מיר אין גן עדן.

יא.

דערנאָך וויל איך אָנהויבען צו דיר צו שרייען:
„שוין צייט זאָלסט ווערען נתגלה" —
דו וועסט זיך מאַכען א צורקע פון יראת שמים,
וועסט זיך שעמען ווי צו באַזוּצענס אַ כלה —
„שוין צייט מען זאָל זעהן דיינע שבחים,
„וואָס איז געוועזען בנסתר ביז די ווייל,
„איך וועל דיר איבערגעבען די געמען פון מלאכים
„און מיין דעה אין בית דין של מעלה."

יב.

איך וועל דיר שענקען דעם שליסעל פון הימעל במתנה
און וועל דיר נאָך שעצען אויף צו פלייסען;
איך וועל דיר אָנטהאָן מיין היטעל די האַלבע לבנה,
און מיין אַטלעסענעם בגד דעם ווייסען,
וועט מען שוין אויף דיר דערצעהלען נפלאות,
וואָס ניט געשטויגען ניט געפלויגען,
דיינע חסידים וועלען זיך נאָך שווערען מיט שבועות,
אַז זיי האָבען דאָס אליין געזעהען מיט די אויגען.

יג.

וועסט לעבען ריכטיג ווי דער שררה,
וועסט האָבען פאַראַנעס אַ פולע;
צי ביי זיי איז אַ שמחה אָדער אַ צרה,
האָסטו דערוויל כבוד און גדולה.
גבירים וועלען זיך ווינשען
אַזאַ גליקליכען משא ומתן,
ווארום דו האָסט עס געלערענט די קונצען
פון דיין הייליגען טאַטען.

יד.

דער גביר וועט זיין מקנא דיין דרך,
וויִ דו לעבסט זיך שטיל באַזאָכט,
ווארום ער האָט דאגות אָהן צאָהל, אָהן ערך,
רוהט ניט טאָג און נאַכט,
זיצט אין טהעאַטער, אין לאָזשע,
און דער מוח איהם דרעהט ווי אַ ראָד,
איך האָב מיר מיין עולם הזה
גאָר אָהן שום קלאפּאָט.

טו.

דעם גביר'ס פערגניגען וואָס האָט פאר אַ ווערדע,
אַז אין האַרצען איז ניט ניכר,
שפּיעלט אין אָקע צי אין אַ דערדע,
און די קאָפּ צופאַלט אויף שטיקער.
שלאָפט אויף אַ טהייערע זאָפע,
און זיין קישעלע דרעהט זיך צוקאָפּען,
איך האָב מיר מיין מנה יפה
און צער נאָך ניט אַ טראָפּען.

טז.

ווילסטו זיין גליקליך אויף דער וועלט,
מוז אַלץ זיין פערמאַסקירט:
דעם יראת שמים פּנים'על אויסגעשטעלט,
ווי עס ווערט אין גאַליציע געפיהרט.
קומען צו אַ קאַפּיטאל
מוז מען זיין פון די חכמים;
ביזטו הלוג ווי א פיסקאל,
רופט מען דיר צדיק תמים.

יז.

ווען דו ביזט אין קאַמער פאר זיך אַליין —
דאַרטען טרינק און עס,
דאַרפסטו אַבער נאַר אויף דרויסען געהן,
זעה זשע ניט פערגעס.

מאַך זיך אַ פרומען פּנים,
מיט די אויגען גלאָץ נאָר גוט,
וועלען שוין די נאַראָנים
קושען דיינע טריט.

יח.

די שיסעל יויך אַז מען שטעלט אַוועק,
נעהם איך פריהער די פעטע אָפּשעפּען,
דערנאָך לאָז איך מיר אראָפּ צום דעק
די געדיכטע לאָקשען צו שלעפּען,
און אַלע חסידים אַליין
זעהען עס גאַנץ גוט,
און זאָגען: ווער קען עס פערשטעהן,
וואָס דער רבי מיינט דערמיט ?

יט.

איינמאָל ביינאַכט האָב איך אין קאַמער געגעסען,
האָב איך מיר געשטעלט האָרכען ביים טהיר,
ווייל פון פאָרענט אין שטוב זיינען חסידים געזעסען
און דערצעהלט די נסים פון מיר;
דער גבאי איז געווען דער ריידער
און דער חוזר דערביי א פארשווענטער,
אַז איך בין אַוועק אין לעצטען חדר
און בין געבליעבען אָהן זייטען פון געלעכטער.

כ.

ער האַט גענומען דערצעהלען פון מיר די שבחים,
דערצו מיט אַ ברייטע הקדמה;
ער האָט דערצעהלט מיינע דראקעס מיט מלאכים
בשעת עלית נשמה,
מיין קנייטשען זיך, מיין בויגען,
מיינע פרעסק אין תפלה בלחש,
אַזוי וואויל איז צו די אויגען,
וואָס זיינען זוכה צו זעהן דעם נחת.

כא.

פויגלעך ווערען פון מיין מויל פערברענט,
רוחות פון מיין שטעקען,
היינט מיינע טראַסקעס אין די ווענט —
שרי מעלה מוזען זיך צושרעקען;
מיין קריעג מיט'ן שר של אדום,
ראש השנה צו תקיעות
געריסען איהם די האָר ווי פעדים,
אַז ער האָט געוויינט מיט בכיות.

כב.

דעם אשמדאי האָט ער דעם קאָפּ אָפּגעגאָלט,
און אַ רוח ביז אין טויט פערשמיסען;
ער האָט אַמאָל פון כעס א מלאך געוואָלט
מיט זודיגע וואַסער אָפּגיסען;
ער פלעגט די מלאכים פעריאָגען,
און זיי פלעגען איהם חנפ'ען,
ווארום זיי קענען ניט פערטראָגען
דעם גרוך פון פראָסטע בראנפען.

כג.

צוויי ווייסע מזיקים מיט הערנער, מיט בערד,
האָבען מזיק געוועזען פון זיין סעקטע די בעסטע,
ווי דער רבי האָט דאָס דערהערט,
האָט ער זיי פערשלאָסען „פאר ערעסטע";
מען איז געלאָפען זעהן די נפלאות,
ווי ער האָט דאָ די רוחות געקריגען;
אמת עס איז געוועזען א טעות,
עס איז געוועזען פון דאָרף צוויי ווייסע ציעגען.

כד.

ער האָט זיך פאר כעס אַנידערגעשטעלט,
אַז עס זאָל זיך אַזוינעס פּאַסירען,
האָט ער געהייסען נבוכדנאצר'ן פון יענער וועלט
ער זאָל זיי מיט א פויק דורך דעם גיהנם פיהרען

און זאָל שרייען פאַר זיי „ככה“,
ווי מען פלעגט המנ׳ען שלעפּען,
נאָר עס איז געקומען פון דאָרף די משפּחה,
האָט ער ניט געוואָלט מיט פּויערים זיך טשעפּען.

כה.

פּורים צו דער סעודה האָט ער געטאַנצט מיט חרבונה׳
אַ קארעהאד געפלאָכטען אין דרייען,
און זרש מיט ושתי אָנגעטהאָן אין קרוינען
האָבען געהאָלפען זינגען און שרייען,
און לוט האָט געטאַנצט אויף איין פוס,
אַז אין לספּר ואין להגיד,
מען וואָלט עס געזעהען בחוש,
נאָר עס איז געווען דערביי אַ מתנגד.

כו.

אָט זעהסטו שוין נסים, וואָס נעהמט אָן אַ מורא,
צונויף געמישט שעטנז מיט כלאים,
זיי פערשטעהען דאָס ניט, אַז איך בין אָהן תורה
און אָהן אַ ברעקעל יראת שמים,
און האַלטען דאָך מיינע ניסים פאַר הייליג,
צו דערצעהלען מיינע נפלאות איז אַ מצוה,
איצטער פערשטעה זשע דעם חילוק
פון רוסלאַנד ביז גאַליציע.

כז.

איך האָב אַמאָל אַ ישובניק געטהאָן להכעיס,
וואָס האָט קיין פּדיון געוואָלט דערלאַנגען,
האָב איך אַריינגעשטעקט דאָס קינד אַ האָבער אין... —
אַז דער אינגעל איז זיך פערגאַנגען;
ווי מען האָט מיר דעם פּדיון געגעבען,
האָב איך דעם האָבער אַרויסגעצויגען.
אָט זעהט מען פון גאַליציאנער רבי׳ן
די נסים פאַר די אויגען.

כח.

מען ברײנגט צו מיר משוגעים,
איך זאָל זײ טהאָן פּעולות;
בין איך דען פון די נאַראָנים
איך זאָל זײ הײלען מיט סגולות;
װען איך זאָל משוגעים הײלען,
איז פאר מיר קײן גוטער סימן;
אז משוגעים װאָלטען פעהלען —
טאָ װער װאָלט צו מיר געקומען?

כט.

אַ פּאדראטשיק האָט געדאַרפט פיהרען פּראָװיאַנט,
אָבער אין שליטען ניט מיט רעדער און װעגען,
האָט ער מיר געגעבען א מנה יפה אין האַנט,
אַז זאָל אױפהערען דער גרױסער רעגען.
לסוף האָט מען איהם געשמידט אין קײטען,
װײל דער סראק איז געבליעבען אין מיטען,
און איך האָב שױן א תירוץ אַ גרײטען:
מען האָט אין הימעל די שרי מעלה פערביטען.

ל.

אַ אידענע קומט און װײנט פאר מיר;
זי האָט אַ שלעכטע מערכה;
נעהם איך פריהער דעם פּדיון בײ איהר
און בענש איהר מיט המן׳ס ברכה.
איך שפּיעל נאָך די ראָלע געשײטער;
איך גיב איהר סגולות אלערלײ,
און אױב ער שלאָגט איהר װײטער —
אָסור אויב מיר טהוט װעה

לא.

צעטלאך נעהם צו פון יעדען בעזונדער,
זאָג זײ נאָך צו עולם הבא;
אָרעמע עקרות, װאָס פרעגען אױף קינדער —
זײ שיק אָפּ צום גבאי.

און קראַנקע... אַהאַ דער עולם איז שוין ניט ווייט —
געננג רעדען... שטיל... האַלט מויל...
שפּיעל נאָר די ראָלע געשייט,
לעבסטו גליקליך, גוט און וואויל.

1859

# אטלעס

א.

איך אַטלעס דאַרף דאָך קלאָגען
אויף היינטיגע יאָהרען;
אַ חרפּה איז צו זאָגען,
וואָס פון מיר איז געוואָרען.
עס איז מיר נאָך עד הנה
אַזוינס ניט געשעהען,
די צייטען די געמיינע
האַלטען מיר אין פלען.

ב.

איך מעג זיך שוין שווערען,
אַז מען וועט מיר פערהאַסען,
פון מיר וועט אַזוי ווערען
ווי פון ראצע מארע אין פּאַסען;
גלייך ווי די מאָדע
איז אַריין צו די אביונים,
זיינען זיי פון הכבדה
געבליבען אָהן תחתונים.

ג.

עס פלעגען געהן אין ראַצע מאָרע
גאָר די רייכע פאָן,
איז אַריין דערינגען אַן עין הרע,
דער פראָסטער האָט זיך אָנגעטהאָן;
היינט ליעגט זי אין דער ערד
מיט איהרע פאַסען די פיינע,
זי האָט שוין אַזאַווערטה
ווי נאָך סוכות אַ הושענא.

ד.

אַז איך דערמאָהן זיך די פאָריגע צייט,
ציטער איך ווי אַ בלאַט;
מיך האָט געטראָגען דער גרויסער לייט,
פאר מיר האָט מען בושה געהאַט.
אַז איך בין אין שוהל אַריין,
אַלע, גרויס און קליין,
האָבען זיך פאר מיר געשטעלט,
איז געווען צו זעהן אַ וועלט.

ה.

פילצטוך, פראס און וואָל געוואַנט
האָבען זיך אייביג געשעמט פאר מיר,
איך בין געשטאַנען אין מזרח־וואַנט
ביים רב אָדער ביים גביר;
היינט בין איך אין גלות
ביי דעם אָרימאַן;
פרופט זוכט מיר אין פאַליש,
בין איך שוין אויך פאַראַן.

ו.

פּילצטוך, פּראס און טוך,
איך דאַרף זיך היינט שעמען,
נעהמט אייך אַ ראיה פון מיך1)
ווי מען דאַרף זיך ניט איבערנעהמען.
איך האָב אויך אמאָל געשטיגען,
אַטלעס איז געווען קיין שפּאַס;
אויב איהר ווילט היינט אַטלעס קריגען,
טאָ זוכט אין שוסטער גאַס.

ז.

צו מיר האָט געהאַט גוסט
אַ מענש מיט אַ קאַפּיטאַל,
האָט מען מיך ניט געמישט
מיט אַן אַנדער מאַטעריאַל;
און איצט איז אַראָפּ די פּרייזען,
איז מען מיך מנבל;
אַז מען דאַרף מיך וואָלוועל לייזען,
מישט מען מיך מיט באַוועל.

ח.

אַז דער פּראָסטער וויל מיך קויפען,
זוכט ער נאָר בחנם,
עס קומען אַריין צו לויפען
אַלער האַנט מבינים,
ווער עס געהט אַ קאַצובייקע
קראַצט אויף מיר די פּאָה,
ווער עס געהט מיט אַ קרייקע
זאָגט אויף מיר אַ דעה.

ט.

די, וואָס פערקויפט באָב,
מאַכט פון מיר אַ מאַרק,
אויב איך בין אין גאטונג גראָב,
זאָגט זי, אַז דאָס איז שטאַרק;
וואָס מען טהוט מיך מיט באַוועל מישען,
דאָס קען זי ניט פערשטעהן,
היינט פון וואַנען זאָל זי וויסען,
אַז זי האָט מיך קיינמאָל ניט געזעהן.

י.

ווייל זי איז פערבלענדט,
גיט זי מיר צום נאָז אַ שמעק,
זי גראַבעלט מיך מיט די הענט,
ביז עס ווערט אַ פלעק;
היינט ווי זאָל זי מיך ניט ציהען
מיט די נעגעל וואָס שטעכען די נאָרלען,
אַז זי האָט דאָס געלט געליהען
ביי אַ מלוה אויף אויסצוצאָהלען.

יא.

באמת בעט איך אייך,
קוקט ניט אויף מיינע חסרונות;
קוקט בעסער אויף אייך,
אויף אייערע חורבונות.
איז דאָס ניט אַ שטראָף,
אַז אַזוי אַן עדעל צייג
טאַפּען זיי ווי אַן עוף,
וואָס זיצט פערשפּארט אין שטייג.

יב.

הענגען ביי אייך אין חדר
איז געווים פאַר מיר אַ שאַנד,
איך פּאַס צו אייערע קליידער
ווי אַרבעס צו דער וואַנד.
איך מעג אייך דעם סוד אויסזאָגען,
אַז דאָס געלט וועט אייך צוקוועטשען,
וועט איהר מיר אין קורצען טראָגען
אין גוטען אָרט פערזעצען.

יג.

אויף דעם טהייערען זייד
וואָס די ווערים שפּינען,
דאַרפט איהר האָבען מיטלייד,
וואו ער טהוט זיך היינט געפינען.
דאָרט וואו עס שמעקט דער דלות,
וואו מען וואוינט אין פּוסטינעס,
מאַכען זיך דאָרטען
זיידענע בודינעס.

יד.

אַז אַ חכם פאַלט אַריין
צווישען נאַראָנים,
אַז אַ קצין פאַלט אַריין
צווישען אַ חברה קבצנים,
אַז ס'פאַלט אַריין אַ בר מעלה
צווישען גראָבע יונגען,
מעגען זיי גלייך אַלע —
דאָס ליעד פון אַטלעס זינגען.

1860

 92

# דער פּראָם

א.

דאָרטביים ווילדע גערה איך שפּאַצירען,
זעה איך דעם פּראָם אויפ'ן טייך,
הין און צוריק טהוט ער איבערפיהרען,
זאָג איך: ברידער, דאָס מיינט מען אייך.
די וועלט איז דער טייך, טיעף און שטרענג,
דער פּראָם דאָס איז די צייט;
אינעווייניג מענשען אָנגעשפּאַרט ענג,
און ער שיפט עס צו יענעם זייט.
די שטראָמען מיט די גאוות
איז די וועלטליכע תאוות,
וואָס זיי טרייבען דעם פּראָם;
מעהר ניט די ליניע,
דאָס איז די אמונה,
לאָזט אונז ניט פערטרינקען אין תהום.

ב.

די מענשען, וואָס זיינען אָקאָרסט פון ברעג,
האָבען ניט קיין מורא פאר'ן שטראָם;
און די, וואָס זיינען שוין באַלד אַריבער די וועג,
לאַכען אויך אויס דעם וואַסער, דעם תהום.
ווי ער איז נאָך אַ קינד
שרעקט איהם ניט קיין ווינט,
ביי איהם איז אַלעס גלייך;
ווערט ער ווידער אַלט

איז ער ביי זיך קאַלט,
ער איז שוין באַלד אַריבער דעם טייך.
נאָר וואו דען שרעקט דאָס האַרץ
און איז פול מיט שמאַרץ?
אַז דער פּראָם איז אין מיטען געשטעלט
אין די מיטעלע יאָהרען
מוז ער לאַנגזאַמער פאָהרען,
ניט צו בלייבען אין מיטען דער וועלט.

ג.

די געניטע מאַטראָזען טהוט גאָר ניט אַרען,
וואָס אַלע שרייען: ציהט גיכער די שטריק,
וואָס דאַרפען מיר דעם פּראָם מיט גוואַלד איהם שפּאַרען,
אַז מיר מוזען באַלד פאָהרען צוריק.
אונזערע מאַטראָזען איז דער ווינטער, דער זומער,
זיי אַרט ניט דעם מענשען׳ס פערלאַנג;
וואָס דער מענש טרייבט די צייט האָבען זיי גאָר
קיין קימער,
און זיי געהען זיך דעם רעגולאַרנעם גאַנג.
בערעכענט אויף מזומן,
אַז איהר וועט שוין דאָרט קומען,
צו וועט מען אייך דאָרט לאָזען ליעגען;
עס קען נאָך אונז טרעפען
צוריק זיך צו שיפען,
איבער־ניים אין אַ וויעגעלע זיך וויעגען.

ד.

לעבען יעטווידער ברעג שטעהט דאָרט אַ בריקעל,
וואָס דער פּראָם שטעלט זיך דאָרט אָפּ,
עס קומט נעט ניט צו, עס בלייבען אָפען אַ שטיקעל,

און יעטווידער איינער שפּרינגט אַראָפּ;
דאָרט אויף צו שפּרינגען דאַרף מען זיין אַ גבור,
אַ שפּרונג און ווייטער אַ לויף;
מיר דאַרפען אויך די צוויי בריקלאַך אַריבער
פון אָנהויב און ווידער צום סוף.
בשעת געבאָרען שרייט ער
און צום סוף איז איהם שווער,
ער וואָלט אַוועקגעגעבען דעם גאַנצען פערמעג;
וואָס העלפּט דיר דיין דינגען,
דו מוזט דאָך שוין שפּרינגען,
דו זעהסט דאָך דער פּראַם שטעהט דאָך ביים ברעג.

ה.

ווי גרויס איז דער פּחד פון פאָרענט און פון הינטען.
אין מיטען טייך דער פּראַם טהוט טראָגען,
די וועלען, די שטראַמען, די שטורמס, די ווינטען—
איטליכער וויל נאָר די שיף צושלאָגען.
ווי טהייער, ווי וויכטיג, דאַרף אונז זיין די ליניע,
זי פיהרט אונז זיכער צום ברעג;
ווי וויכטיג איז אונז די אמונה,
מען געהט זיך מיט אַ גאַנץ גלייכען וועג.
ווער עס וויל זיך בעריהמען,
אַז ער קען גוט שווימען,
די ליניע איז איהם צו גראָב, צו גרויס —
קען מען זעהן פון דער ווייט
דעם סוף פון די לייט,
אַ טויזענדער קומט קוים אַרויס.

ו.

דער פּראָם וואָלט געגאַנגען וואו די וועלען איהם שלעפּען,

ווער ווייס וואוהין זיי וואָלטען איהם פערשמיסען ;
אַז דער מענש וואָלט וועלען זיינע תאוות נאָכגעבען,
וואָלט דער מענשליכער בונד ווערען צוריסען.
ווי וואָלט געהאַלטען א בונד פון אַ מדינה,
ווען ניט פון רעליגיע דער צייכען ?
ווער צאמט א פאָלק, ווען ניט די אמונה,
וואָס די אויג פון פּראַוויטעלסטוואָ1) קען ניט גרייכען ;
היט דיין אמונה,
געה מיט דער ליניע,
און אַ מענש מיט אַלעמען גלייך ;
זיי אַ איד צו גאָט
און אַ מענש אין שטאָדט,
וועסטו בשלום אַריבער דעם טייך.

ז.

די מאַטראָזען שטעהען דאָרט ביי א קאנט
זיי האַלטען אַ רודער, זיי האָבען צו טהאָן.
די צייט האַלט אונז אויף די האָפענונג אין האַנט,
בעשערט איהם, בעשיצט איהם ווי א ווינט קומט נאָר אָן.
ווי דער רודער איז געגעבען אונז צו ראטירען,
אין שרעק גיט ער אונז אַ מוטה.
אַזוי די האָפענונג טהוט אונז פיהרען,
ביז אונזער לעצטער מינוט.
זי ווייזט פון דער ווייט,
די קינפטיגע צייט
לעבען מיר אָפּ אויף דאָס נייע ;
עס ווערט פאָרגעשטעלט
אַ קינפטיגע וועלט —
אָט איז זי אונז ממש מחיה.

# דער אלטער פאטער

## לעזער!

אויב איהר לייענט אין ביכעל מיינע ליעדער,
און די מעלאדיע האט מען אייך ניט איבערגעגעבן,
איז דאס ווי א פאטאגראפישעם בילד, ליעבע ברידער!
דאכט זיך אלעס ריכטיג, נאר עס פעהלט — לעבען.

אַ ביישפּיעל קען איך אייך מענשען געבען,
דעם סוף פון מיר בעטראַכט אצינד,
עס איז בעסער אויף דער וועלט ניט צו לעבען
איידער אָנקומען צו אַ קינד.
איך האָב אָפּגעלעבט יאָהרען,
מיט כבוד און מיט געלט;
געהאַנדעלט און געפאָהרען,
געפיהרט גאַנץ שעהן מיין וועלט;
פערדיענט כשר מיין גילדען,
מיט קרעדיט, מיט עהרליכקייט;
געלאָזט קינדער בילדען,
זיי זאָלען ווערען לייט.
מיין גביר'עשאַפט,
מיין גאַנצע קראַפט,
דורך מיינע קינדער ווער איך אָן.
היינט איז פאר מיר

פערשפּאַרט די טהיר,
איך האָב זיך ניט וואו אַהין צו טהאָן.

ב.

מיינע מעבעל האָט ווי גאָלד געלויכטעט,
מיינע בעטגעוואנט איז געווען ווי זילבער פיין,
די פּאָקאיעס געמאָלט מיט שעהנע פרוכטען,
איך האָב געמיינט עס וועט אויביג אַזוי זיין;
און היינט שלאָף איך מיט דוחק,
ביים זוהן אין די קאַלטע קיך,
טשאדנע איז דאָרט און רויכיג,
אַז דער הוסט דערשטיקט שוין מיך,
אין זאַל וואו עס שטעהן די שטולען,
לאָזט די דיענסט מיך ניט אַריין,
— „ער וועט איינריכטען די דילען,
אָט דער אַלטער שוויין!„
איך שטעה ביים קיך,
און וואַרעם מיך,
קומט אַריין די שנור און מאַכט מיר דול.
זי שרייט שוין באַלד,
מיט קולות — „גוואלד,
אין אַלע טעפּ איז שוין דער אַלטער פול.“

ג.

פאר קינדער האָב איך מיין האַלז געשניטען,
געוואָרען גראה און אויסגעדאַרט;
ברידער! גאָט זאָל אייך בעהיטען,
אַזוי אַן עלטער ווי איך האָב זיך דערוואַרט;
איידער איך האָב ערצויגען,
מיין קינד מיין בכור אַליין,

האָב איך צופוילט די אויגען,
פון טרעהרען, פון געוויין.
רובעלס איז געשוואומען,
און קרעפטען ווערט מען אָן,
איידער זיי בעקומען,
אין מויל דעם ערשטען צאָהן ;
די פּאָקעלעך,
די מאָזעלעך,
דער טאַטע שטעלט זיין לעבען איין אין קאָן,
היינט טרייבט מען מיך
ארויס פון קיך,
איך האָב זיך ניט וואו אהין צו טהאָן.

ד.

מיין זוהן, אַז איך גיב אַוועק אין חדר,
מיט פערגעניגען בין איך געוועזן זאַט.
מיין טאָכטער אז זי פלעגט אָנטהאָן נייע קליידער,
וואָס פאַר אַ נחת דער טאַטע האָט געהאַט ;
פלעגט זיי וועה טהאָן אַן אבר,
טהוט מיר נאָך מעהרער וועה,
געוואונשען זיך דעם קבר,
נאָר אַן אויסבייטונג פאַר זיי,
געלאָפען צו דאָקטוירים,
ווי אַ פער׳סם׳טער פיש,
אין בית עולם אויף די קברים,
דערוועקען דאָרט אַ זכות.
— זוהנינקע !
— טאָכטינקע !
ווי קענט איהר זיין צו מיר אַזוי פיעל פרעמד ? —

ועהט ! פערשטעהט !
ווי דער טאַטע געהט,
אָהן אַ פּיצעל שוך און אָהן אַ העמד.

ה.

מיין פריהלינג האָב איך פערבראַכט וואָס פרייער,
אין מיין זומער האָט מיר אויך די זון געשיינט ;
אין מיין הערבסט ברענג איך אַריין אין שייער,
אַך, ווי שלעכט מיין ווינטער געהט מיר היינט !
מיינע טייכען איז פערפראָרען,
דאָס בלוט אין די אברים שטעהט ;
דאָס פעלד פון מיינע יאָהרען,
איז גראָה און ווייס פערשנעעט ;
די בלעטער פון מיין עלטער,
איז געל פון ליסטאָפּאַד ; (1
מיין קינד איז מיר וואָס קעלטער,
אַ פראָסט פון צוואַנציג גראַד,
איהר יונגער דור !
בערעכענט נאָר,
איהר וועט אויך אַמאָל ווערען אַלט,
דער פראָסט ער ברענט,
איהר וועט הויבען די הענט,
און אייערע קינדער וועלען אויך זיין קאַלט.

ו.

מיין זוהן שיקט מיך צו די טאָכטער,
נאָר ביים איידעם בין איך אויך ניט קונה שם,
דעם גאַנצען טאָג זידט ער און קאָכט ער,
אַך, ווי איבעריג בין איך עם ! (2
די יונגען אויך מיר האַלטען,

ווי דער אײדעם האַלט דעם שווער, —
מען וואַרפט זיך מיט דעם אַלטען,
דער אַהין און דער אַהער.
פערטריקענט איז מײן גומען,
פער'חלש'ט ביז זײגער צוויי,
שווער איז צו בעקומען,
פון יונג אַ גלעזעל טיי.
איך בעט, גאָט, דיך,
ערבארעם זיך,
נעהם שוין מײן נשמה צו דיר אַרײן;
שיק דײן טויט,
צו מיר אין נויט,
איך זאָל ניט בעדאַרפען ביי די קינדער זײן.
1861

# די פערמאסקירטע וועלט

## א.

דער שטאַט, די מאָדע, דער פיהרונג דער ברייטער,
דאָס האַקט אונז, דאָס קירצט אונזער פרייע וועלט.
מען קריכט, מען קלעטערט מיט כוחות אויפ'ן לײטער,
מען פיינט־זיך, מען פוצט זיך ווי אין מאַסקאַראדען
פערשטעלט.

די מאָדע איז דער רוצח,
זי ברײנגט אונז אום נאמנות,

י איז דער מזבח,
מיר זיינען די קרבנות.
די וועלט פליהט ווי רויך,
פון כבוד בלייבט קיין רוך,
אַז דער האָהן זיצט ווי הויך,
בלייבט ער אַ פעטוך...
אַז וואויל איז געוועזן
פערצייטען צו זעהן
ניט געפוצט, ניט געבאָרגט,
אויסגעפיהרט די וועלט
מיט כבוד, מיט געלט,
און קינדער אויף אויביג פערזאָרגט.

ב.

איהר אויגען, איהר פערפיהרער, מיט אייך האָבען מיר
אַ טענה:
איהר פערלאַנגט אַלץ, איהר ווילט אַלץ, איהר פיהרט
פון נאמנות אַראָפּ,
די שפּיגלען, די מעבעל, די דירות די פיינע —
דאָס קנייטשט אונז, דאָס בויגט אונז צו די בעלי חובות
דעם קאָפּ.
דער וואַנט איז לעדיגע ציגעל,
אַ שפּיגעלע ווערט שוין באַלד,
וואָרום ער דאַרף דאָך זעהן אין שפּיגעל
ווי דער קאָפּ פון דאגה שפּאַלט;
עס פּאַסט דאָך וואַזאַנען
און א פענסטער מיט שטאָרעס;(1
דער מלוה קומט באַלד מאָהנען,
אַט דאָ איז גאָר די צרות;

ווײל ניט וואָס זיס,
ניט די האָניג, ניט דעם ביס,
ניט דעם צער, ניט די טובות:
איבער הונדערט יאָהר.
ווערט דער קאָפּ זײן קלאָר,
זײנע יוֹרשים וועלען ניט צאָהלען קײן חובות.

ג.

ווי ווײס מען, ווי דערקענט מען פון רײכען ביז דעם
גמײנעם,
אַז אַ זײגערל מיט אַ קײטעל טראָגען בײדע גלײך,
טרינקענדיג די סעלצער וואַסער לויפט מען אויך אין
אײנעם,
היינט ווי ווײס מען, ווי דערקענט מען פון אָרים ביז רײך.
ווי דער מאַי גיט אַ פּאַטש,
רודערט דאָס ווי רעדער,
אַ ליאַדע דאָרט אַ סמארקאטש
פאָהרט שוין אין די בעדער.
זי הױבט זיך אָן דאָקטירען
מיט מאַנגעל און מיט נויט,
איהר פעהלער קען מען קורירען
מיט אַ לעבעל ברויט,
און דינגט צום פּאָהיבעל(2
אין פאָרשטאָדט אַ שטיבעל,
הײנט קען זי שוין די צורה פערקרימען,
און איהר קרעמערקע האָט אויך אַ פעהלער,
אַז זי טרויט ניט אויף אַ העלער,
וואו מען ברענגט איהר ניט פריהער אַ סימן.

ד.

יענער שפּיעלט אַ ראָלע ווי דער גרעסטער קצין,
אַ קראָם מיט אַ פענסטער מיט דריי זנאַקעס אַרויס,
און מלוה'ס, ווי די ווערעמלעך, קריכען און טאָטשעו,
און ער לויפט עס, ער פליהט עס אין אויסלאַנד אומעטום.
אין שטוב לעבט מען בשלוה,
מען פיהרט זיך גרויס די הוצאה,
ווארום מען פיינט זיך פאר'ן מלוה
צו קריגען נאָך א הלואה.
כ'לעבען, האַלט אַ קרעמעל
מיט גרויפּען אָנגעשטעלט,
ניט פאָהר קיין מעמעל,[3]
און ניט עס קיין פרעמדע געלט;
זיין מיהע ווערט פערשווענדט
אויף הוילע פּראָצענט,
דער קרן איז לאַנג שוין יאכלוהו,
עס שטעהט שוין אויפ'ן קרן
צוויי פייען ווי די בערען[4]
אָט געהסטו אויף אַן עולם התוהו.

ה.

דאָרט געהען שפּאַצירען אַ העררר מיט אַ דאַמע
געפּוצט, געאַרעמט, איך לויף פון לאַווע אַראָפּ,
איך פרעג דאָס, איך דערגעה דאָס, זאָגט מען מיר מן הסתמא,
אַז זי איז א נאָהנטע קרובה אין קיך מיט דעם טשיגונענעם טאָפּ.
איך לויף אונטערהערען קלאָר,
וואָס עס איז דאָרט פאר אַ נייסען,

האָב איך געטראָפען א ראזגאַוואָר
וועגען א מאָרגענדיגען איבערבייסען:
„איך ווייס ניט וואָס מען טהוט,
„צי פערזעצען וואָס איז פאַראַן,
„צי איז גלייכער דער ווייסער הוט,
„צי דעם רויטען סאראפאן."
איך האָב געוויינט און געלאַכט
און ביי זיך געטראַכט:
טאָ וואָס טויג דיר דער אָנשטעל פון ר ו י ף?
איך האָב זיך געגרייט,
די אביונים בעלייט
אַהיים אין א בלאָטיגען הויף.

ו.

ווער געהט ניט, ווער ווייס ניט, פון קייטען, פון בראנזעלעטען,
א געמיינע אַזוינע, וואָס האָט קיין קלייד אויפ'ן לייב;
פון פריצטעס, פון גביר'טעס, ברייננגט די אויג שטאַפעטען
און גרויסט זיך און בלאָזט זיך ווי דער אינדיק קעגען דער ווייב.

די ווייב פון אַ מלמד,
וואָס פערמאָגט קיין גראָשען,
געהט אין באָטשיקעס פון סאַמעט
מיט גומענע קאלאָשען;
אין זיעבען טוך א קלייד,
אַן אייל שלעפט זיך אויף דער ערד;
אַז קומט אויס אין אַ לייד —
וואָס האָט עס פאר א ווערטה?
אַ פאָסטערקע, אַ הוט,
עס קאָסט עס אָפּ בלוט,

ווערען ברילי הרל;
די נייע וויזיטקע
ווערט איהר שוין ברידקע,(3
וואַרום זי היט פון פאַריז דעם זשורנאַל.

ז.

אַ געמיינער האָט אַ מיידעל, וואָס זי שטעהט אין שידוכים,
מען גרייט רק, מען נעהט רק, אַ גאַרדעראָבע פאַר איהר,
מען פערבעט איהר צום חתן, מען זעהט בגדי מלכים,
נאָר אַ מנין טענדלערקעס שטעהט אונטער'ן טהיר.
קינדער קענען אפילו
ביי קעסט ווערען לייט,
נאָר איבער די חובות די שטילע
זיינען זיי פון תכלית ווייט.
זיי אַ בעל־הבית'טע,
ווי דיין באָבע איז מה טוב;
צו דער חופה אַ קלייד אַ פּראָסטע,
אַבי ניט קיין בעל חוב.
אַז ביים פונדאמענט
וואקסט שוין פּראָצענט,
טאָ וואו איז נאָך דער גאַנצער געצעלט?
וואָס טויג אייך די פיהרונג,
וואָס טויג פערמאַסקירונג —
גוואלד, וואָס איז היינט פאַר א וועלט!!!

ח.

אַ פאָר פאָלק אַ געמיינע, וואָס האָבען קיין חונה,
און מען דאַרף שוין, מען האַלט שוין אַ דינסט מיט אַן אַם;
ווי שוטים, ווי נאַראָנים, זיי פערשטעהען ניט די בחינה,
אַז דאָס בינדט מען זיך, דאָס שפּאַנט מען זיך ווי דער
פערד אין צאם.

א קרעמערקע איז זי דאָך,
איז דען מיט איהר אַ שפּאַס ?
אויף פינף גילדען אַ וואָך
און קעהרט דערצו די גאַס,
און וואָלט זיך וועלען פיהרען
מיט א לאַקיי, מיט א בעדיענטען,
און אַז זי געהט שפּאַצירען,
געהט נאָך די אַם פון הינטען;
איהר קליידעלע דערצו
האָט קיין מאָל ניט קיין רוה,
אין מיטען וואָך טראָגט די בעל־הבית׳טע;
ווי עס דערלעבט שבת קוים,
טראָגט דאָס די אַם
אָדער די דיענסט־מויד די פּראָסטע.

ט.

זעהט יענעם, ער סטרויעט אַ מויער מיט המצאות,
ער האָט ניט, ער פערמאָגט ניט, וויפיעל אַ נאָגעל איז גרויס,
פון פונדאמענט ביז די טהירען איז נאָר דורכאויס הלואות
און פערכאַפּט נאָך ביי שכנים אויף דריי יאָהר פאָראויס.
די פּראָצענט איז אָבער פּלאַטשיג,
עס וואַקסט פון טאָג צו טאָג,
גיט ער א פּאדראטשיק
דעם מויער איז זאַלאָג;
יענער פיהרט ניט אויס,
נעהמט מען צו דעם בטחון,
ער געהט מיט ביזש אַרויס
און ווערט אליין א שכן;

די שכנים שרייען — „אַי!“
מען מוז צאָהלען אויף דאָס ניי,
פערפאַלען די פריהערדיגע געלט,
און דאָ סטייען ניט פּענעס4)
פאר מלוה׳שע פּראָשעניעס —
גוואַלד, וואָס איז היינט פאַר אַ וועלט!!!!

י.

אַ קאַפּעלוש אויף ניץ־געלט לייהט ער אויף אַלע ימים־טובים,
דאָס קאָסט איהם דאָבעלט פיעל ער איז אין גאַנצען ווערט,
די פּוצט זיך מיט ציערונג פון שכנים, פון קרובים,
מען וויים דאָך, מען דערקענט דאָך, אָן וועמען די ציערונג געהערט.

דערזעהן א נייע צאַצקע,
דאַרף מען זיך כאָטש טויטען,
דאָס טאַנצט מען אַ קאָזאַצקע
איינער קעגען צווייטען;
פון זיין געלט, זיין פּרנסה,
איז ניטאָ קיין מזל ברכה;
אַז מען לעגט צו פיעל משא
פאַלט דער אָקס אין סאָכע.
אַזוי וואויל איז געוועזן
פערצייטען צו זעהן,
ניט געפּוצט, ניט געבאָרגט,
אויסגעפיהרט די וועלט
מיט כבוד, מיט געלט,
און קינדער אויף אויביג פערזאָרגט.

1865

# די געהיימנים פון ערב יום טוב

א.

די דאגות, מכאובים,
פון די ימים טובים
איז היינט שטארק אין דער מאָדע;
נאָר פאר אזוינע,
פאר די געמיינע
איז דאָס א גאַנצע הכבדה.
ווי עס קומט דער קוריער
מיט פיער וואָכען פריהער
פאר פסח, פאר שלש רגלים,
לויפען און שמייען,
טומלען און שרייען,
מאַכען זיך ווי די טייוואָלים.

ב.

דאָס איז אַ שפעקטאַקעל,
ווי זי מאַכט אַ סך הכל
און שיקט איהם אַרויס די התראה
פון פלייש, פון שמאַלץ,
פון צימעס, פון זאַלץ —
ווי קען מען דאָס זאָגען אַ הוצאה;
ביי היינטיגע יאָהרען

קען מען ניט שפּארען,
קנייפּ די באַק כאָטש עס איז אַ וועהטאָג,
בפרט איך דאַרף דאָך נאָך געהן,
זאָל ניט אויסגערעדט זיין,
וואָס דו דאַרפסט עס אויך זעהר נויטיג.

ג.

עס גילט שוין די ראָליעס,
די ווייבערשע קללות,
פון מאַן דעם פּאַטש דעם גוטען ;
מען זעהט די מחותנים
פּנים אל פּנים,
ער ווערט מיט איהר באק א מחותן,
זי שרייט מיט טומעל
קולות אין הימעל,
עס זאָלען לויפען מענשען צום וואונדער,
אָבער מען זעהט ניט קיינעם,
ווייל אנטקעגען, די שכנים
שלאָגען זיך דאַרטען בעזונדער.

ד.

גאָר די פּראַצע
ביי באַקען די מצה
מיט'ן אָפּשיטען מעהל איז אַ גרויל,
ווי די קאַלעקאָטקעס פון המן
שרייען זיי ביי די קראָמען
און האַלטען קייקעלאך אין מויל,
דערנאָך טהוט זי אויס דעם יאַק
און טהוט אָן אן אַלטען לייפּסערדאק
און געהט אויסווינען אין שטיבעל א צעטעל,

דערנאָך פּוצט זי זיך אויס, ווי אַ בלאַט,
און געהט אַריין אין פּאָדריאַד,
ווי אַ קרעטשמערקע פון אַ קליין שטעדטעל.

ה.

לעבען די יאטקעס
פליהען די שאַטקעס,
אין דער הויך אַ ציפּיק, א סטיינגע;
שרייט ווי אַ קראָע
מיט די ליפּען די בלאָהע,
און קללות דערביי אַ מענגע;
אַז זי גיט איהר ניט פּיעל,
וויפּיעל זי וויל,
פּערקרימט זי די שעהנע צורה;
און אַז זי רעדט נאָך אַ וואָרט
איז גלייך אויף אַן אָרט
מאַכט זי איהר דאָרטען א קבורה.

ו.

די קצב'טע אין יאטקע
איז אַ פּאַניע מאַטקע,
זי בריהט זיי ווי מיט זודיגע וואַסער,
זי שמארכעט זיי מיט די פלייש
די צורות אויס,
אַזוי ווי מיט גוטע מאקאשער;
אין פיש־מארק דער געשריי
איז אויך אַזוי.
די ווערט אָן אין בלאָטע אַ שלורע
און דאָ שרייט איינער — „אַוועק!“

און האַלט אַ העכט פאַר'ן עק
און פלאַסקעט אַ ווייבעל די צורה.

ז.

אויף די געמיינע,
די בעל הבית'טעס די קליינע,
ווער קוקט עס ערב יום טוב אין יאטקע ?
שטעהט ווי אַ שמייגער
צוויי שעה אויפ'ן זייגער,
אַז עס ווערט איהר שוין מיאוס און האדקע,[1]
מען לאָזט איהר ניט קלייבען
און פון טיש טרייבען[2]
זלזולים מוז זי נאָך הערען,
מען וואַרפט צו דעם פונט,
ווי פאר אַ הונט,
נאָר פון איהר פטור צו ווערען.

ח.

זי קומט קוים שוין
אַ לעבעדיגע אַהיים,
מאַכט זי אַ פרעהליכע מינע ;
זי ווייזט איהם דאָרט,
אַז זי האָט אָבגעשפּאַרט
פון פלייש אויף אַ קרינאָלינע.
ער נעהמט קאַלופּען דעם חלק,
געפינט אַ ביין מיט אַ ביילִיק,
ווערט דאַן אַ וועלט מיט צרות,
מען לויפט אָן אויפ'ן סיפור,[3]
מען מיינט, אַז עס איז ערב יום כיפור,
אַז מען שלאָגט שוין בעצייטען כפרות.

ט.

וואָס האָט אַ געמיינע פאר א רעה
אין פיש מארק ביי'ן באלייע ?
זעהען אויס ווי די זשאַבעס אין די בלאָטקעס.
צו העכט און צו לעשטשען
קען זי זיך ניט פּאַמעשטשען,—4)
פאַר איהר איז נאָר א סחורה פּלאָטקעס,
זיינען ווייך ווי פּוך,
עס הערט זיך אַ גרוך,
ביינערדיג און שוואַרץ ווי קוילען —
האָבען זיי צו צופּען
ד ביינדלעך, די שופּען,
און ציהען די גייצען אויף קנוילען.

י.

וואו עס וואוינען אין איינעם
זעקס פּאָר שכנים
און קינדערלאך אזוי ווי אין מצרים,
און באַקען עס אַלע
אין איין אויווען חלה,
פון אנטקעגען אויך בינתים ;
די גיסט נאָך ערסט הייוון,
די טראָגט שוין צום אויוון,
דאָ שרייען דריי קינדער מיט אַמאָל ;
די שמיערט, די קוועטשט,
די טראָגט, די זעצט,
און די קולות ווי אין באָד אויפ'ן פּאָל.

יא.

מאַכט נאָר אַלע

סימנים אויף די חלה,
מען זאָל ניט פערבייטען ווי פאַראַכטאָגען;
די לעגט שאַלאַכץ פון איי,
די שטעקט אָן שטרוי,
מען לעגט אָן ווי האָלץ אין אַ וואָגען;
מיט אמאָל האָט מען דערקענט,
אַז די זאַסלינקע ברענט,
האָט מען מיט וואַסער קוים איינגעלאָשען;
אַז ער איז שוין געוואָרען שטיל,
איז איבער־נייס אַ שפּיעל,
מען האָט די פרורעמניצע'ס חלה פערגאָסען.

יב.

מען נעהמט די חלה אַרויס,
ווערט דער ליאַרם גרויס,
און איינע דאָרט ווישט שוין די אויגען:
איך וואָלט די דירה ניט קענען,
וואָלט די חלה ניט ברענען,
עס וואָלט ניט זיין די קעפּעל פערבויגען;
די שרייט: אוי!
די חלה איז רויה,
די פּלעכטעל איז ווייך ווי פּוטער;
די ברעכט די הענט,
די חלה איז פערברענט,
ווי, ניט דאָ געדאַכט, אַ ניטגוטער.

יג.

עס האָט געקויפט אַ בריאה
קישקעס פאַר א מציאה,
און איז זיך געקומען אַהיים בתמימות,

זי האָט אָבער פערגעסען אויסצומאַכען
די אינעווענינגסטע זאכען,
אַון האָט עס אַזוי אַריינגעלעגט אין צימעס;
ווי דער מאַן האָט זיך צוגעשטעקט,
האָט ער דעם ריח דערשמעקט.
שרייט ער: גוואַלד, עס איז ניט פריש!
זי ענטפערט איהם: נאַר,
שרעק זיך ניט דערפאר,
דאָס הערט זיך די פעפער געווים.

יד.

ערב יום טוב פארנאכט,
האָט מען איהר אַ קלייד אָפּגעבראכט
אַ בעל מלאכה פון די אייבינגע קליידער;
פון הינטען מיט הארבעס,
פון פאָרענט מיט טאָרבעס,
עס קליידט איהר ווי דער קיטעל צום סדר.
היינט געהען זיי קלייבען
ערב יום טוב הויבען,
געפינען זיי שוין אַלטע שמאַטעס;
די באַנד איז אַלט,
די בלומען צופאַלט,
אָט בענייען זיי דעם קאָפּ מיט לאַטעס.

טו.

אז עס טראגט ניט דאָס גליק
אויף אַ נייעם פאַבריק,
עס איז שוין לעדיג און לויז די בייטעל;
נעהמט מען דעם אַלטען, דעם געלען,

מיט שמאַלץ אָפּמעלעז,
אוז פערקאַלכעז מיט קרייט דעם שייטעל.
דאָ פּעהלט נאָך שיך,
לויפט מעז אויף גיך
בענייעז דעם הייליגעז רגל;
איין מאָל איבער'ן שטוב
קריכט אַרוים די לוב,
דורך די לעכער בלישטשעז די נעגעל.

טז.

לעבעז די וועגעלאך עפּעל
איז אַ קאָפּ איבער אַ קעפּעל,
מעז מעסט עס אויף אַלערליי מאָסעז;
מעז צוצוקערט די בערנעס
אַזוי ווי איז צוקערניעס,
מעז כאַפּט עס אויף צוואַנציג אַ גראָשעז.
לכבוד דעם הייליגעז רגל
לויפט זי מיט האַסט פון וועגעל,
פאַלט אַריין אין קרעמעל מיט אַ יעלה,
כאַפּט זאַלץ אַ קווערטעל,
ליכט אַ פערטעל,
לויפט און קייט דערווייל.

יז.

אַז מעז דערלעבט די נחמות
פון הזכרות נשמות,
טראָגט זי אַלץ אַרוים אין פירהויז אויף גיך;
קומעז גנבים,
צי קעץ, צי כלבים,
און מאַכעז יום טוב פאַר זיך.

אַזוי דרעהט עס די קאָפּ
ביז מען פּטר'ט עס אָפּ
און בלייבען אויף אסרו חג — הייל;
און דאָס ניט גע'פּטר'ט,
מען איז נאָך גוט פערמאַטערט,
קומט שוין אָן יוריע, צי מיכייל*)

1865

# דער אייזערנער שראנק

1

צייט חכמה איז געוואָרען געמעהרט,
האָט מען אונז אַ נייס פאָרגעשטעלט,
אַן אייזערנער קאסטען ערקלערט,1)
וואָס דאָרט זאָל זיין זיכער דאָס געלט;
מיט אייזערנע שלעסער
פערשלאָסען וואָס בעסער,
זיכער ווי אין קייזערליכען באַנק,
פערוואָרענט צוזאַמען
פון גנבים, פון פלאַמען —
דאָס רופט מען אַן אייזערנעם שראנק.

2

געוויס איז אַ שכל א וואוילער
פאר היינטיגע נייע קאַנטאַרען,
זיכער פון פייער, פון שטוילער,2)
זיכער אויף אייביגע יאָהרען;

איך בין אייך אַלץ מוחל,
נאָר ווען איז דאָס א שכל,
אַז עס ליגט נאָך דאָרט עטליכע פראַנק,
אָבער היינט איז אַ צרה,
עס איז גאָר א סברה —
אַ קאנטאָר מיט א לעדיגען שראַנק!

3

מיין פּלאַן איז בעסער פון אַלעס,
איז דען זייער שומר אַ שלעכטער?
זייער אייגענס היט דאָך דער דלות —
וואָס דאַרף מען אַ בעסערען וועכטער?
נאָר דאָס קען מיר פערדריסען,
אַז איך זאָל ניט וויסען,
מיין טעות טהוט מיר נאָר באַנג,
איך וואָלט זיך געשוואָרען,
דאָרט ליעגען לואידאָרען,(3
לסוף איז אַ לעדיגער שראַנק.

4

דער שראַנק איז אַ ביישפּיעל אַ גוטער
קעגען די היינטיגע וועלט:
די געשעפטען געהט זויער און ביטער,
דער פּנים מיט א מאסקע פערשטעלט.
פון היינטיגע פּרנסות
איז רק ווענינ הכנסות,
קרעדיט ווערט אַלץ שוואַכער און קראנק;
מען פּוצט די בנינים,
די קליידער, דעם פּנים, —
און די קעשענע איז אַ לעדיגער שראַנק.

5

דאָרט קענט איהר זעהן ווי אין אַ שפּיעגעל,
איינער רופט זיך אָבוואָקאַטעל פון אַ הויף,
און ניטאָ שוין אַזוי פיעל ציעגעל,
פיעל ער איז אויף איהם אַ בעל חוב.
אַ בעל חוב אויף די מויערען
איבער די אויערען,
מען רופט איהם אָבוואָקאַטעל איבער דאַנק,
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר אַ שמייכעל —
אַט דאָס איז אַ לעדיגער שראַנק.

6

דאָרט שטעהט אַ פּאָדריאַטשיק ביים טאָרג,
אַ פּולאַרעס4) האַלט ער אין די הענט;
נאָר ער האָט עס גענומען אויף באָרג
און צאָהלט דערפאַר גוטע פּראָצענט;
ער נעהמט אָטסטופּניע,
ווייל מען קען ניט די בריה,
דען ער זעהט אויס ווי באַנקיער דע־פראַנק,
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר אַ שמייכעל —
אַט דאָס איז אַ לעדיגער שראַנק.

7

ווינטער אין פראָסט געהט איינער,
אַ פראַנט, אַ גאַלאַנט מיט׳ן שטעקעל,
פון קעלט טרייסעלט איהם זיינע ביינער,
דען וואָס קען איהם וואַרעמען זיין רעקעל,

און זיין תירוץ איז א גוטער,
אַז ער ליעבט נישט קיין פּוטער,
זאָגאַר מען זאָל איהם שענקען א געשאַנק.
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר א שמייכעל, —
אָט דאָס איז א לעדיגער שראַנק.

8

דאָרטען זיצט איינער ביי'ן גמרא,
אַז פייגלעך פערברענען זיך פון פלאַם,
אין א טלית מיט א זילבערנע עטרה
און תפילין פון רבינו תם,
און יתומים, אלמנות
רייסט ער אָהן רחמנות,
וועלכע יענע זיינען שוואַך און קראַנק.
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר א שמייכעל —
אָט דאָס איז אן אייזערנער שראַנק.

9

דאָרט פאָהרט א מגיד איבער שטעדטלעך,
זאָגט זיינע מוסר און תורה,
לסוף איז דאָס געליהענע פשט'לעך;
ער נעהמט אויף קרעדיט זיינע סחורה,
איז א בור דאורייתא,
איך ווייס קלאָר די מעשה,
אידישקייט איז אויך ביי איהם קראַנק.
עס געפעלט מיר דער שכל,

איך גיב מיר אַ שמייכעל, —
אַט דאָס איז א לעדיגער שראַנק.

10

דאָרט זיצט א רבי געבויגען
און זינגט א פערגעטערטען ניגון,
פלאסקעט און גלאָצט מיט די אויגען,
אַז מלאכים פאַלען ווי פליעגען;
איך זעה נאָר זיין גבאי,
ווי ער זאָגט צו עולם הבא,
דערפאר טראָגט מען פדיון מיט דאַנק.
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר אַ שמייכעל —
אַט דאָס איז אַן אייזערנע שראַנק.

11

דער קויפט די גרעסטע עליות,
מצוות קאָסט איהם א רעכטע מטבע,
איז קיין מאָל ניט שווער אויף יציאות,(5
וואו ער איז נאָר צו כבוד נוגע,
און אַ פאָטער אַן אַלטען
וויל ער ניט אויסהאַלטען,
וואָס יענער איז עלענד און קראַנק.
עס געפעלט מיר דער שכל,
איך גיב מיר א שמייכעל, —
אַט דאָס איז אַ ליידיגער שראַנק.

1871

# די שטאָק שפּיעל*)

א.

ווער נאָר די שפּיעל בעטראַכט,
די שטולען מיט דעם שטאָק,
ווי איינער געהט זיך גאַנץ בעזאכט,
אַזוי איז שוין דער חק,
פּלוצלונג זיצט ער אויף אַ שטול,
זיין שטאָק בלייבט שוין שטעהן,
די שטולען ווערען מיט מענשען פול,
נאָר איינער בלייבט אַליין.

ב.

דער איינער נעבעך, וועלכער בלייבט,
די שאַנדע איז זעהר גרויס,
דער פון איהם קאַטאָוועס טרייבט,
דער צווייטער לאַכט איהם אויס.
ערקלעהרט מיר נאָר די זינד פון איהם,
זיין בלוט וואָס מען צאַפּט,
וואָס האָט ער פאר א שולד אין דעם,
אַז מען האָט זיין אָרט פערכאַפּט.

ג.

עס ווערט די שטוב מיט קולות פול,
צו זעהען איז דאָס געשמאַק.
ווי צוויי זעצען זיך אויף איין שטול

ווי צוויי קעז אין איין זאַק,
קוק זיך איין פון זיי דעם סוף,
בעטראַכט אויף זיך אַליין.
ווי ביידע נעבעך בעצאָהלען שטראף,
און ביידע בלייבען שטעהן.

ד.

די זעלבע זאַך ביי אונז אויך טרעפט,
אַ רחמנות גלויבט נאָר מיך,
ווי צוויי פאַלען אָן אויף איין געשעפט,
יעדער ציהט צו זיך.
איינער וויל דעם צווייטען דריקען,
יענעם מאכען גוט,
ברידער הערט זיך אויף צו פליקען,
זעהט איהר בלייבט אָהן ברויט.

ה.

די שפּיעל פון שטאָק איז אַקוראַט,
ווי די מענשען אויף דער וועלט,
ווער עס קען כאַפּען, זיין א כוואַט, — — —
יענעם קומט דאָס געלט.
קען ער נאָר ניט לויפען שנעל,
וויל נאָר עהרליך געהן,
פערלויפט דער צווייטער אויף זיין שטעל,
ער, נעבעך, בלייבט שוין שטעהן.

ו.

די שטולען איז די טעג פון דער וועלט,
מיט דעם שטאָק געהט די צייט,
גליק און אומגליק, דלות און געלט, —

טאַנצען זיך ביי דער זייט;
היינט איז ד ע ר מיט פריידע פול,
דו, נעבעך, מיט געוויין,
מאָרגען זיצסטו אויף זיין שטול,
יענער בלייבט שוין שטעהן.

ז.

פון גרויסע פּאַלאַצען קומט מען אָפּ,
פון קעלערען שטייגט מען אויף;
דעם טרייבט די צייט פון שטול אַראָפּ,
דעם צווייטען זעצט זי אַרויף.
שטאָלציר ניט ביי דער גוטער צייט,
ביי דער שלעכטער שריי ניט „וועה!"
פון גליק צום אומגליק איז גאָר ניט ווייט,
נאָר מיט דעם שטול אַ דרעה.

ח.

נאָר פרעגט ביי גאָט קיין קשיות ניט,
פאַר וואָס האָט יענער צרות פיעל;
ער פיהרט זיין וועלטעל קלוג, געניט,
אַזוי געהט צו די שפּיעל:
איינער מוז שוין אויסען בלייבען,
אַזוי מוז עס געהן.
נאָר פון יענעם קאַטאָוועס טרייבען,
פוי, דאָס איז ניט שעהן!

ט.

נאַפּאָלעאָנ'ס נאָמען קלינגט ווי אַ גלאָק,
ביי אַלע קיסרים פול,
פיעל מאָל די צייט האָט געשריען „שטאָק!"
כאַפּט ער רק זיין שטול,

פרייסען קומט פלוצלונג צוגעהן:
„שטאָק!“ שרייט זי אוים,
נאַפּאָלעאָן בלייבט אין ביוש שטעהן, —
די וועלט לאַכט איהם אוים.

י.

די נאַטור געהט אַרום די יאָהרען,
די וועקסלונג האלט זי אין האַנט,
דער זעלבער שטאָק, וואָס איז היינט אַ קאָרן,
איז מאָרגען אַ העלפאַנד.
איצט איז ער אַ מענש, דאָ ווערט ער ערד,
און דערפון אַ בוים אין פעלד.
פון די פרוכטען ווערט אַן אָקס, אַ פערד, — —
און ווידער אַ מענש א העלד.

1870

# דער פּאָטשטאָווער גלעקעל

(ערב ראש השנה לשנת תרל"ב)*

אויפ'ן גאָשטשינעץ, דער פּאָטשטאָווער גלעקעל קלינגט
גאַנץ הויך,

בריעף פיהרט אונז דער פּאָטשטאַליאָן,1)
די בריעף זיינען פערזיעגעלט און די סומקע אויך,
פרעהליך, לוסטיג פאָהרט ער אָן.
ווי מען צוטהיילט די בריעף כשורה,
הערט זיך שוין נייס אין שטאָדט,
דער בעקומט א גוטע בשורה,
דער צווייטער אן אונגליק האָט,
דער בעקומט אַ ידיעה,
ער האָט געוואונען אין לאָטעריי,
דער צווייטער רייסט שוין קריעה,
גוואלדען און געשריי.
דער נייער יאָהר איז אויך אַקוראַט,
פרעהליך פאָהרט ער אָן מיט זיין פערד און שפּאַן,
נאָר די סומקע איז מיט אַ פּעטשאַט,2)
גאָט ווייס וואָס איז דאָרטען נייס פאַראַן.

2

איהר יאָהרען! קענט איהר מיר ניט זאָגען דעם אָרט,
פון וואַנען פליסט אייער שטריינגער טייך?

און וואוהין געהט איהר אַלע אוועק אָט דאָרט ?
אַ שרעק נעהמט אָן צו בעטראַכטען אייך !
די צייט ווערט אַלט מיט יאָהרען,
און די אייביגקייט איז רק יונג,
אַקאָרשט איז דער יאָהר אַוועקגעפאָהרען,
דער צווייטער גיט שוין אַ שפּרונג.
צי אַ גוטען טאָג, צי אַ שלעכטען,
צי עס טונקעלט מיר, צי עס שיינט,
אַבי דער טאָג ווערט א נעכטען
און דער מאָרגען ווערט אַ היינט.
די זייגערס רק,
זיי קלאַפּען טאַק,
דאָס גיט מען אונז א וואונק, אַז דער לעבען פליהט,
דער פּאָטשטאַליאָן
זאָגט אונז אָן :
ברידער ! די צייט איז קורץ, פערטראַכט זיך ניט !

3

איהר יאָהרען ! ווי שטריינג איהר שטראָמט, ווי שטארק
איהר פליעסט !
איהר שלעפּט נאָך מיט זיך וואָס איהר טרעפט אָן,
און גאַנצע דורות איהר פערפלייצט, פערגיעסט,
און פאלט מיט זיי אריין אין תהום,
איהר פערפלייצט אַזעלכע דורות
וואָס קינסטליך געווען געמעלט,
און אויף זייער בת הקברות
פערבויט איהר אַ נייע וועלט.
נייע מענשען פרייע,
חכמים און גרויסע לייט,

באַלד ווערען אייך אַלט די נייע,
מאַכט איהר מיט זיי אויך אַ בייט!
מיר שלאָגען פּאַליעס
אין אייערע כוואַליעס,
און איהר רייסט זיי אויס און טראָגט זיי אַוועק.
דעם אַלטען דור
פערפלייצט איהר גאָר —
גוואלד, דער נייער דור שטעהט אויך אין שרעק!

4

וואו זיינען די מענשען פון אַ דור צוריק?
וואו איז זייער שטאָלץ און הערליכקייט?
וואו איז זייער קלוגער אויגענבליק?
פערפלייצט, פערשטראמט האָט אלץ די צייט.
דער האָט אַ קרוין געוואונען,
דער האָט פערוויסט פיעל שטערט,
דער האָט אינזלען געפונען,
דער אַ קינסטלער, דער אַ פּאָעט;
דער בעטראַכט די גרויס פון די זון,
דער האָט די גאָטהייט דערקאָנט —
וואָס האָבען זיי יעצט דערפון,
אז עס ווערט זייער נאָמען דערמאָנט?
און ווער קען דערמאָנען
די העלדען מיליאָנען,
וואָס די צייט פערשיט שוין לאַנג אויפ'ן קבר דעם שטיין;
דער נאָמען מיט די ספרים
איז מיט זיי אין די קברים,
און מיט אונז וועט זי זיך אויך בעסער ניט בעגעהן.

5

וויפיעל מאָל האָט שוין די ערד געביטען איהר הויט,
פערטרונקען, צו פערשאָטען א גאנצע וועלט,
און פון אויבען א צווייטען מאָל אַ וועלט פערבויט,
און די פערגאַנגענהייט פון אונז פערשטעלט.
זעהט מען דען היינט די חיות,
אַזעלכע ווי אין דער ערד מיר זעהען, —
דאָס דיענט אונז נאָר פאר ראיות,
עס איז אַן אַנדער וועלט געווען.
ווי גרויס איז זייערע ביינער,
אַ פויגעל גרויס ווי אַ פערד,
געפאָרמירט אין שוואַרצע שטיינער,
מיילען טיעף אין דער ערד.
פון די סעקונדען,
ווערען שטונדען,
טעג און יאָהרען און דורות האָט גיך געפעהלט,
די ערד דערהיצט,
און פייער שפּריצט,
— אַראָפּ! — און בויט פון אויבען אַ נייע וועלט.

6

דו נייער גאסט! דו תיו ריש למד בית! (3)
ווייז מיר די סומקע, וואָס דו פיהרסט מיט,
אויב גוטס, טאָ מאַך זשע גיכער די סומקע (4) לויז;
אויב שלעכטס, איז גלייכער עפען ניט;
דען דער תיו ריש למד אלף,
לויטער צרות זאַט,
געקוילטע מיט זיין חלף
פיעל קינדער איך האַב געהאַט.
איך ענטלויף, שוין עטוואָס פרייער,

איך ווער שוין אין מינסק אַ גר,
און ער מיט זיין קויל און פייער
דער יאגט מיר נאָך ביז אַהער.
דו נייער יאָהר,
דיר בעט איך נאַר,
זיי כאָטש דו ניט שלעכט אַזוי ווי ער,
אין דיין פליגעל שוץ
ברענג וואָס גוטס,
טרייסט, און זאָג מיר שוין: „וויש אָפּ דיין טרער!“

1870

# דער איזבאָרשטשיק*)

**בן אדם הנבא על רעי ישראל וגו' הוי רעי ישראל אשר היו רעים אותם הלא הצאן ירעו הרעים: את החלב תאכלו ואת הצמר תלבשו הבריאה תזבחו הצאן לא תרעו: את הנחלות לא חזקתם ואת החולה לא רפאתם ולנשברת לא הבשתם ואת הנדחת לא השבתם ואת האבדת לא בקשתם ובחזקה רדיתם אתם ובפרך: וגו'. כה אמר ד' ה' הנני אל הרעים ודרשתי את צאני מידם והשבתים מרעות צאן ולא ירעו עוד הרעים אותם והצלתי צאני מפיהם ולא תהיין להם לאכלה. (יחזקאל ל"ד).**

**(אין קהל שטיבעל ביי א כנופיא פון דעם איזבארשטשיק מיט די גאנצע כאפטע שטאדט בעלי טובות.)**

1

דער איזבארשטשיק.

**וואו קענען מיר קריגען היינט**
**אַ גוטען פריינד,**
**מיר זאָלען קענען אונזער האַרץ אויסקלאָגען,**
**אַז אַלע מיט איין הסכמה**
**זעהען אויף אונז נקמה.**
**עס איז אָבער ביטער, מיר מוזען שוין זאָגען,**
**אַז צייט עס איז געוואָרען**
**דער סיסטעם פון די נייע סאָלדאטען**

און עס מישען זיך שון ניט צו גאַבאָרען
מיר איזבאָרשטשיקעס און דעפּוטאַטען,
איז פון אונזער כנופיא כסדר,
פון דעם גאַנצען קהל'שען חדר
איז געוואָרען הויל אַ פּוסטינע,
מען פרעגט שוין ניט קיין דעה
אויף נפשות און אויף מטבע,
עס איז אַראָפּ אונזער גאַנצע חיונת.

די גאַנצע כאַפּטע.
גוואַלד די נייע גזירה
האָט אונז דעם שטאַלץ געשלאָגען,
מען לאַכט אונז אויס אין פּנים,
אוממעגליך צו פערטראָגען.

2

דער איזבאָרשטשיק.
אַז מיר דערמאָנען זיך די יאָהרען,
די פערצייטיגע נאַבאָרען,
די פרעהליכקייט פון קהל־שטיבעל ווינטער,
פון די געשרייען מיט די טרעהרען
פלעגט זיך די שטיבעל שיער אומקעהרען,
און מיר זיינען נאָך געווען געזינטער.
דאָ טורקעט מיר אַ ווייבעל בעזונדער:
„וואָס גזל'ט איהר ביי מיר מיין שפּייזער ? !"
און די שרייט : „מיין טאַטע פון קינדער,
מיר קומט אויס כאָטש געהן אין די הייזער ! !"
און איך פלעג איהר זאָגען אַ סוד :
„מאַך דאָ נישט קיין באָר,

דיין מאַן איז ניט קיין סאָלדאט, כ׳לעבען!"
מיט׳ן אויג דערוויילֿ צום שרייבער אַ קעהר:
„דעם פּריגאָוואַר אַהער!"
און אויף מאָרגען איהם געפיהרט אָפּגעבען.

די כאַפּטע.
גוואלד, איהר יעקב׳ס עופות!
איהר זייט דעם איזבאָרשטשיק׳ס גליקען,
ער גיט אייך קיין מאָל פאר דעם קוילען קיין טרונק,
און ווי גרינג איהר לאָזט זיך פון איהם פליקען.

5

דער איזבארשטשיק.
פיעל האָבען מיר צושוועכט
אין די ווינטערדיגע נעכט,
אַז מיר פלעגען אין קהל־שטיבעל זיצען;
מיט געגזלאך פון די שענקען,
מיט אַ ווישניקעל פערטרינקען,
אַז דער שטערן פלעגט פון חדוה שוויצען.
מיר פלעגען ביי נאַכט יונגע לייט הייסען וועקען,
וועלכע דאַרפען גאָר נישט זיין קיין יונים,
נאָר די שטעדטעל כדי צו דערשרעקען
מען זאָל אונז טראָגען די מזומנים.
ביז דעם לעצטען סראָק1) דעם ריינעם
פלעגען מיר נישט אָפּגעבען קיין איינעם,
נאָר זעהן רק דעם גראָשען צו מאכען,
לסוף פלעגט פאליציע נעהמען
און אפּגעבען אַבי וועמען,
מיר פלעגען שטעהן פון ווייטען און לאַכען.

די כאפטע.
גוואלד, וואו זיינען די יאָהרען ?
פערשוואונדען ווי די וואָלקען,
בשעת פאָליציע — פאר די הערנער
און מיר האָבען געמאָלקען.

4

דער איזבארשטשיק.
שמחת תורה ביי דער נאַכט,
בשעת דער עולם איז פערטראַכט,
און דאָ פלעגט דער אוקאַז אָנקומען;
געשיקט נאָך חברה באלד,
מען איז שוין בעפאַלען מיט א גוואלד,
מיר האָבען שוין אַ גאנצע קאַזאַרמע אָנגענומען.
דער עולם פלעגט מיר אום יום טוב טראָגען
די נייאינקע הונדערטער פאר מורא,
זיי פלעגען צו הקפות קלאָגען
און איך האָב נאָך געקויפט חתן תורה.
צו הקפות הויך געשפרונגען,
אַ התקבצו אויך געזונגען,
איך האָב געוואוסט עס געהט אַ פרעהליכער ווינטער,
פריהער די געלט געצאפט,
דערנאָך דעם נפש אליין געכאפט,
איך בין דאָך א קהל'ס מאן אַן אלטער, א געדיענטער.

די כאפטע.
גוואלד, מיר קענען קיינעם
דעם טעם ניט איבערגעבען,
אויף קהל'שען חשבון,
ווי גוט עס איז צו לעבען!

5

דער איזבארשטשיק.

די איסקלאַרען און נאַלאָגען
פלעגט מען צו אונז טראָגען,
מיר האָבען דעם איספּיסאָק געשריעבען,
פלעגען מיר אַ מעשר דערפון, כ'לעבען,
אין דומע אַוועקגעבען,
אונז איז ניין חלקים פערבליבען.
דעם איזבאָר פון רעקרוטאָווע
פלעגען מיר מאַכען די חלוקה אין איינעם,
דעם קורצען ספּיסאָק פון גלאָווע
פלעגען מיר נישט ווייזען קיינעם;
לייכטער, וועש און גרעט,
אויך קישעלאך פון בעט,
איז אין קהל שטיבעל פול געלעגען.
אפילו אָרימע אלמנות
פלעגען טראָגען אונז משכנות,
און קיינער פלעגט קיין חשבון פרעגען.

די כאפּטע.

גוואלד, איהר צאַן קרשים!
איהר האָט דאָך אַ גרויסע מעלה,
אַז מען שערט אייך ווען מען וויל,
און מען מעלקט אייך אַלע ווײלע.

6

דער איזבארשטשיק.

אונזער א נכתב אין דער וועלט,
אַז ער פלעגט אונז צושיקען געלט
מיר זאָלען איהם שיקען אַ פּאס וואָס גיבער,

פלעגען מיר דעם גראָשען פערשטיקען,
און קיין פּאַספּאָרט ניט שיקען,
וואָס יענער איז מיט דעם לעבען ניט זיכער.
אויף די בריעף וואָס ער פלעגט אונז שרייבען,
פלעגען מיר איהם קיין מאָל קיין תשובה זאָגען,
ביז מען פלעגט איהם פּאָ עטאַפּאָם טרייבען,
און פלעגט אויסמעסטען אלע אָסטראָגען.
דער פאָטער גיסט מיט טרערען,
די ווייב וויל ניט אויפהערען,
מיר הערען זיי ווי אין „פּוחאָוויץ די מגילה“;
די געלט פלעגען מיר פערטייען,
און אַז זיי פלעגען גאַנץ שטאַרק שרייען
פלעגען מיר זיי הייסען איך בעט אייך מחילה...

די כאַפּטע.
גוואלד, דו אומה אידען!
דו קליאַטשקע פון פערצייטען!
פאר אַ צאמעלע פון א פּאָדים
קען דאָך יעדערער אויף דיר רייטען.

7

דער איזבאָרשטשיק.
אַז מיר דערמאָנען זיך דעם גליק
מיט דרייסיג יאָהר צוריק,
בשעת די פּאָמענעס פלעגען עקסיסטירען,
אַז ווען מען כאַפּט אין גאַס,
אַבי גאָר אָהן אַ פּאַס,
פלעגען מיר איהם צום פּריאָם גלייך פיהרען.
מיר זיינען געפאָהרען און געלויערט אויף די טראַקטען
מיט קלאטשוואָיטען, מיט אַן אַסעסער,

געכאפּט און געוואָרפען אין די פּראַקטען,1)
כאָטש מיט יאווקעס און כאָטש מיט פּעסער;
מיר פלעגען גאָר ניט הערען
די געשרייען מיט די טרערען,
ער מעג זיך זיין אַן עילוי, אַ חתן,
געפיהרט איהם צום פּריאָם,
פערפאַלען ווי אין תהום,
און ביי אונז פלעגט בלייבען דער גראָשען.

די כאַפּטע.
גוואַלד, מיר האָבען דאַמאָלס געשלאָפען!
דאָס בין איך זיך יעצט מתודה,
אַז מען האָט דאָך אונז געלאָזען ווי די וועלף
פריי אין דער גאַנצער סטאַדע.

8

דער איזבאַרשטשיק.
אַז איך ליעג איצט ביי דער נאַכט
אומעטיג פערטראַכט,
הויבט מיר אָן דער בעל חלום צו קריינקען;
ער שטעלט מיר אויף להכעיס פּאָר
אַ פּאַרצייטיגען נאַבאָר,
ווי מען טראָגט אונז נאָך בלינצעס פון די שענקען,
און מיר מאַכען זיך אין קאַמער אַ צעטעל,
ווען מען זאָל מאָרגען שטעלען,
און משרתים דאַכט זיך טראָגען געלט פון שטעדטעל,
עפּעס מיר זיצען ווי אין גן עדן און קוועלען,
און ביים טיש האָט זיך אַ ווייבעל געשטעלט
און צעהלט מיר אַ פּאַק מיט געלט —
זי וויל דאָס איהר מאַן אויסקויפען —

נאָר פון איהר געשריי און פון דעם טומעל
כאַפּ איך זיך אויף פון דרעמעל
און געפין — אַ ליידיגען, אַ פּוסטען הויפען...

די כאַפּטע.

גוואַלד, דו נייע גזירה!
איך וואָלט קענען וואָלט איך דיר צורייסען,
אַז פארביי מיר לויפען די יונגע טרוסעם
און קען ניט כאַפּען בייסען!

9

די גאַנצע כאַפּטע אין איינעם.

רבונו של עולם, נאָר דו זאָלסט צורייסען
דעם סיסטעם מיט די נייע זאַקאָנען,
ווי קום איך צו פּריזיווען? וואָס דאַרף איך די נייסען?
אז קיין זשערעבע[2] וויל איך גאָר ניט קאָנען.
אָט קעהר אום די וועלט ווי פארצייטען,
נאַבאָרען זאָל זיין פון טויזענד צעהן,
כדי מיר זאָלען ווידער אויף דער קליאַטשע רייטען,
פרעהליך אין קעשענע ווי עס איז אַמאָל געווען.
אליקום בדחן זאָל זיך קלעמען,
וואָס זינגט אַ ליעדעלע פון אונזער קונץ, —
דערנאָך וועלען מיר ערשט נקמה נעמען
פון די וואָס לאַכען אויס פון אונז.

1874

# דאָס ליעד פון אייזענבאהן

1

אַ גאנצע וועלט מיט אייזענבאַהנען איז אין
אונזער צייט געוואָרען,
וועלכע פיהרען פּאַסאַזשירען, אָרים און רייך,
לויפט זעהען דעם חידוש, נאָר האָט בזכרון,
אז דאָס איז אַ משל פונקט קעגען אייך.
מיר זיצען דאָס אין די וואַגאָנען,
דער לאָקאָמאָטיוו איז די צייט, —
זי שלעפּט מיט זיך מענשען מיליאָנען,
און פליהט ווי די קוילען אין שטרייט.
יעטווידער רעלסע איז אַ סעקונדע,
יעטווידער סטאַציע — א יאָהר,
יעדער קאָסאַרקע איז גלייך ווי א שטונדע,
אַ פּאַיעזד איז אין גאַנצען אַ דור.
און דעם בילעט וואָס ער האַלט אין טאַש,
דאָס איז זיין מזל, זיין רייזע פּלאַן,
ווי ווייט צו פאָהרען און אין וואָסער קלאַס,
בעשטימט פון גאָט, דירעקטאָר פון באַהן.

2

די קאָנדוקטאָרען בעקוקען די בילעטען
און צוזעצען די פּאַסאַזשירען, יעדערען אין זיין קלאַס,
וועמען אין ערשטען, מיט דיוואַנען געבעטען,

און ווענען אין דריטען, וואו ענג און וואו נאַס;
אונזערע קאָנדוקטאָרען זיינען די שלוחים,
פון דער השגחה געשיקט,
ווענען מען גיט גליק מיט רוחים,
און ווער עס זאָל זיצען געדריקט;
ווענען געזונד, עשירות און אלעס,
און קינדער ווי עפּעל אויפ'ן בוים,
און ווענען עלענד און קראַנקהייט און דלות,
און פערוואָגעלט נאָך זיין פון דער היים.
אויף די קאָנדוקטאָרען זעהט ניט רעדט.
די וועלט פיהרט זיך ניט אָהן אַ פּלאַן,
מען זעצט יעדערען נאָך זיין בילעט,
ווי עס איז בעשטימט פון גאָט, דירעקטאָר פון באַהן.

3

ביי די וואַקזאלען, ווי מען קלינגט מיט דעם גלעקעל,
די קאָנדוקטאָרען שפּרינגען אַראָפּ,
עס לויפען פּאַסאַזשירען, יעדער מיט זיין פּעקעל,
פיעל קומען צו און פיעל קומען אָפּ.
אונזערע סטאַציעס זיינען די יאָהרען,
ראש השנה צייכענט מען אָן,
ווענעם בילעט איז ווייטער צו פאָהרען,
און ווער עס מוז געהן פון וואַגאָן;
אונזער קאַסיר איז בית דין של מעלה,
דער בילעט ווערט פערקויפט נאָך דעם דין,
ווער עס פאָהרט פיעל, און ווער אויף אַ ווייל,
און דער פערזאמט גאָר די מאַשין,
אַז מען הייסט אראָפּ, טאָ דינג זיך נישט,
כאָטש ביסט נאָך ניט קיין אַלטער מאַן,

אָבער דיין בילעט איז אויס, דו וויינסט אומזיסט,
אַזוי איז בעשטימט פון גאָט — דירעקטאָר פון באַהן.

4

דער מאַשיניסט שטעהט אויף פיקעטען,
און קוקט אויף דעם צילינדער, פיעל היץ און פיעל
זשאַר,
זיין איין פערזעהן קען פון וועג אָפּטרעטען,
און וואַגאָנען מיט מענשען זיינען אין געפאַהר,
אונזער מאַשיניסט איז דער שכל, די געהירן,
ער איז אונזער פיהרער ביים לעבען,
נאָר דער שכל אליין קען צייטענווייז פערפיהרען.
האָט מען איהם אַ צילינדער געגעבען;
אַט האָסטו אַ צילינדער, אַ תורה פון אויבען.
וואו ענגליך — גיב איהר נאָר אַ פרעג,
אמונה מיט שכל, אי חקירה, אי גלויבען, — — —
ווּעסטו געהן בשלום דיין וועג,
ווילסטו אָבער פיהרען מיט דיין דולען קאָפּ,
לאכסט פון צילינדער, פון גאַנצען פּלאַן,
זעה! אַט דו פאַלסט פון רעלסע אַראָפּ,
און ווערסט נאָך בעשטראָפט פון דירעקטאָר פון באַהן

5

אַז צוויי פאַיעזדען זאָלען זיך ענטקעגען ניט
ווסטרעטשען,(1
איז דאָס נאָר בעלאַנגען אָן טעלעגראַפיסט,
חלילה, אַז ניט, קענען זיי זיך קאלעטשען,(2
און וואַגאָנען מיט מענשען ווערען שוין צונישט.
אונזערע טעלעגראַפיסטען זיינען די פּעדאַגאָגען,

די לעהרער פון אונזערע קינדער,
היט איך, איהר לעהרער! דאָס קינד'ס מח ניט צושלאָגען,
מיט צוויי דעות קאָנטראַסטע בעזונדער;
דער אַלטער דור לויפט און פיהרט די אמונה,
דער נייער ענטקעגען שרייט: „שטעה!"
טאָ לאָזט זיי ניט, לעהרער, קאָנטראַסט אויף איין ליניע,
גוואלד, האָט רחמנות אויף זיי!
מיט איין שלעכט וואָרט פערדולט איהר זיין קאָפּ,
פערליערט אמונה, האָפנונג, און ווערט אַ טיראַן,
און שפּרינגט אַ צובראָכענער פון ליניע אַראָפּ,
קעגען דעם ווילען פון דירעקטאָר פון באַהן.

6

די שוטים די ווילדע, די פערשטאָפּטע מוחות,
שרייען ווי לויפט עס אַ וואָגען אָהן פערד? —
ווי קען לופט און פּארע האָבען די כוחות
צו שלעפּען וואַגאָנען מיט מענשען אויף דער ערד?
אונזערע שוטים קוקען אויך בלא ראיה,
גלויבען ניט און ווילען ניט פערשטעהן,
אַז די געטליכע קראַפט ליעגט אין יעדער בריאה,
און דאָס איז איהר פּאַרע אליין,
און שטיינער און בוימער און חיות און קוועלע,
און פייער און וואַסער און ווינט,
און אין דעם מענשען אַ פערבאָרגענע זעעלע,
נאָר זעהען — דאָס זיינען מיר בלינד,
פרעמדע מענשען וועלכע אונבעקאַנט,
ניט זיי איז צו זעהען פון מאַשין דעם פּלאַן,
אויסער דעם וואָס האָט פערשטאַנד
צו פערשטעהן די חכמה פון דירעקטאָר פון באַהן.

7

ווי גרויס איז דער טומעל ביי די וואקזאלען,
ווען איין פּאָיעזד געהט אָפּ, דער צווייטער קומט אָן,
צו זעהען פון דאָרט די מענשען וואָלט איך זיין א בעלן,
פערשווינדעט דער פּאָיעזד ווי דער לופט־באַלאָן.
די באַהן איז די צייט, אין וועלכער מיר לעבען,
און פּאָיעזדען לויפען אַ שרעק,
אַ דור נאָך אַ דור פליהען און שוועבען,
דער קומט אָן, דער געהט אַוועק;
איך וויל מיט מיין קינד כאָטש צוויי ווערטער רעדען,
אָבער פלוצלונג פייפט אוים דער סוויסטאָק.3)
מיר שרייען: „האַלט!" אָבער מען לאַכט אונז אוים ביידען,
דו הערסט דאָך, דער טויט קלינגט, דער גלאָק, —
די מינוט איז טייער, ניטאָ קיין צייט,
זי ווערט געוואויגען אויפ'ן גראַן,
דער שוטה, דער פּאַטער, אומזיסט גאָר שרייט,
אַזוי איז בעשטימט פון גאָט — דירעקטאָר פון באַהן.

# די אייזענבאהן*)

בעטראַכט די נייע וועלט, דעם שכל און דעם זינען,
בעטראַכט דעם נייעם קונץ פון די אייזערנע מאַשינען.
עס קאָכט אין קעסעל וואסער, די פּאַרע ווערט פערשטיקט
דורך א שמאָלע רורע — ה'ערט עס פעסט געדריקט.
עס דרעהען זיך די רעדער
גרינג, ווי א פעדער,

עס שווינדעלט פאר די אויגען,
ווי אַ פייל פון בויגען.
עס לויפט גאַנץ געשווינד,
עס טראָגט ווי אַ ווינט
אָהן מאַטערניש און אָהן מיה,
און הונדערט טריט,
געוועהרט אַ מינוט,
קיין פערד דאַרף מען דערצו ניט.

ב.

גלייך ווי דער מאַשין קומט אָן צום וואַקזאַל,
עס פייפט, עס רוישט, עס טומעלט איבעראַל,
די קנעכט פון די האָטעלען מיט עקיפּאַזשען, מיט
קאראטען,—
לויפען מיט די פּאַסאַזשירען, ווי די פויגעל מיט איהר
שאָטען.
פון קאָוונא, פון פּרייסען,
הערט מען אַלע נייסען,
וואָס פּאַסירט זיך אין אַ שעה
ווייס מען גלייך דאָ.
און אין וואקזאל
איז גרויס דער צופאַל,
זשאנדארען מיט געוועהר אויפ'ן ציעל.
דער נאַראָד איז גרויס, —
אַריין און אַרויס —
עס קאָכט אזוי ווי אין א מיהל.

ג.

זומער אין ווילנא, שבת נאָכ'ן שלאָף,

א שפּאַציר ביים ציגונקע — מענשען אָהן א סוף
בעקוקען דעם וואקזאל, דעם זייגער אין דער הויך,
בעטראַכטען די מאַשינען ווי פון קוימען געהט דער רויך.
און דער מאַשיניסט, דער קוריער,
וואָס ער לויפט אַפריהער,
ער שפּירט אויף יעדער פּאָרט,
צי איז אַלץ אויף אַן אָרט.
און אין מיטען דערין
קומט אָן די מאַשין.
עס הערט זיך פון ווייטען זי לויפט;
עס געהען פּאַסאַזשירען
אַרויס דורך די טהירען —
זי האָט אַלעמען אנגעפּייפט.

ד.

פאר קוּפּטשעס, פאר גילדעס, פאר קרעמער —
איז דאָס גוט,
די פּרייזען פון אויסלאַנד וויים ער די מינוט.
סחורה, אָדער תבואָה, האָט ער דאָ געקריגען,
וויים ער גלייך פון אויסלאַנד, אויב דאָרטען איז געשטיגען.
שטעהט דאָ צו פּערדיענען, —
לויפט ער מיט די מאַשינען;
ער קומט שוין גלייך אַהין,
און אין איין אויגענבליק
איז ער שוין צוריק,
האָט דאָרטען גאָר נישט פּערבראכט —
אַ שפּרונג און אַ פליה,
און איז שוין ווידער הי,
ווי אין מארקויז אַ שנאַפּס געמאַכט.

ה.

ווען איינער פלעגט צו דאַרפען אין דער וועגענס פאָהרען
פלעגט ער אויסגעריסען ווערען אויף זיין בינטעל יאָהרען.
די בעלי־העגלות, די פורמאַנעס פלעגט ער מוזען חנפ'ען,
צו אַ קרעטשמע, צו אַ סטאַציע — קויף זיי רק בראנפען.
דאָ איז א טאָל זעהר טיעף,
און דאָ איז באַרג אַרויף, —
דאָ פויעט(1) מען די פערד,
דערווייל האָט אַלץ געווערט,
אָבער די מאַשין
לאַכט אויס דערפון,
אַ באַרג, אַ קרעטשמע פערשפּאָרט.
דער קויפט אַ בילעט,
און גלייך ווי ער זעהט
איז ער שוין אויף אַן אָרט.

ו.

ווי ער קויפט נאָר דעם בילעט איז ער שוין פרעהליך,
אין מאַשין זיצט ער אויפ'ן זאָפע ריכטיג ווי אַ מלך,
ער מעג זיך זיין אָרעם און זיצט אין דריטען קלאַס,
מוז זיין דער ציגאַר אין מויל און ביים זייט דער רייזע־טאַש.
די וועלט ווערט איהם פריי,
עס לויפט איהם אַלץ פאַרביי,
וויאַרסטען און פעלדער,
בוימער און וועלדער.
דאָ הערט אַ פייף,
ווערט ער ביי זיך שטייף;
דאָס איז אויף אַ סטאַציע אַ ראיה,
און דאָ האלט ער אין טעשעל

בראנפען א פלעשעל
און איז די נשמה מחיה.

ז.

היינט חוץ די מאַשינען בעטראַכט די טעלעגראַפען,
אין איינע פינף מינוט ווערט אַ בריף בעשאַפען,
עס שטעהען הויכע קלעצער פון אויבען געהט אַ דראָט;
אויף דעם רעדט מען געשעפטען, סעקרעטען אָהן
אַ שטשאָט.

אַ רעדעל זעהען מיר,
מיט אַ פּאַסיקעל פּאַפּיר,
אין איין אויגענבליק
ענטפערט מען צוריק.
דער קלאַפּ, דער טראַף
פון דעם טעלעגראַף
איז ווערט גאָר די געלט.
היינט קען מען פערשטעהן
די וואונדער, ווי שעהן,
די חכמה פון היינטיגע וועלט.

ח.

למשל משיח דאַרף דאָ קומען אויסלעזען אידען,
אַזאַ אַ מהלך צופוס וואָלט מען ניט געווען צופריעדען,
און קיין פערד וואָלט ניט געסטאַיעט,
און בעלי העגלות וואָלטען שטאָלצירען
יעדערענס געזינטעלע מיט הויז־ראָט
אין ארץ ישראל צו פיהרען.
אַ טישעלע, א קאמאָר
צו לאָזען איז א שאָר
אַנ׳עמער, א טשעבערציק,

אַ פלעשעל, אַ מאקעטערציק, —
היינט פערשטעהט מיט אַ זין,
דעם נוץ פון מאַשין.
אָט נוצט עס פאר אידישען קהל,
אָט מאַכט מען אַ וועג,
אַז אין איינע דריי טעג
זיינען מיר שוין אין ארץ ישראל.

1870

# דער וועלט־טעאטער

1

אַ שעהנער טעאַטער, איז די וועלט,
די מענשען זענען אקטיאָרען,
און די קארטינעס, וואָס ווערט פאָרגעשטעלט —
דאָס מאָהלט די צייט אונז אויס די יאָהרען.
אַמאָל שטעלט זי אונז פאָר א סצענע,
לוסטיג און ליכטיג אַ פּראַכט;
אַמאָל איז גאָר אַנדערס ווי יענע:
טראַגעדיעס און פינסטער ווי נאַכט.
אַמאָל איז דער יאָהר אונז א גרינגער,
געזונד און פּרנסה און זול;
אמאָל איז נאָר קראנקהייט און הונגער,
ווען געשעפטען האַלט אויך זעהר שמאָל.
דען די צייט איז דער דעקאָראַטאָר
פון אונזער וועלט טעאַטער,

אויף דער סצענע טרעט יעדערער אַרויס,
איינער שפּיעלט טראַגעדיעס, —
דעם גליקט און שפּיעלט קאָמעדיעס,
און אלעמען גלייך טראַגעדיעס לאָזט זיך אויס.

2

אַ שעהנער טעאַטער איז די וועלט,
די מענשען זענען די אַקטיאָרען,
און דער שופלאָר, וועלכער זיצט פערשטעלט —
דאָס איז דער שיקזאל, זיין גליקס־שטערן.
יענער שפּיעלט זיין ראָליע גרויסארטיג,
דאָס פּובליקום פּאַטשט בראַוואָ ביז גאָר,
אַ בוקעט איז שוין אויך פאַר איהם פאַרטיג,
ווייל דער גליק איז זיין סופלאָר.
עס געפעלט זיין קאָמיק, זיינע דרכים,
זיין נאָמען שיינט טעגליך אין פלאָר,
מען דערלאנגט איהם א בוקעט פון שבחים,
ווייל דער גליק איז זיין סופלאָר.
וואָס ער זינגט שעהן די סאָלאָ,
וואָס ער שפּיעלט גרויס די ראָליע,
דאָס לייענט דער סופלאָר איהם אַלץ אויף פריהער;
די קלוגע רייד די פיינע,
מיינט ניט דאָס איז זיינע,
דאָס לייענט פאָר דער גליק איהם פון פּאַפּיער.

3

און ווען איין מינוט דער סופלאָר שטעלט זיך אָפּ,
בלייבט שוין דער אַקטיאָר אין ביוש שטעהן;
דער פּובליקום פייפט איהם אויס, ער פאלט פון טראָפּ,
ער וויל דער אַקט זאָל פאַלען, אָבער דוקא — ניין!

דיין ערשטער אַרויסגאַנג,
אַלס יונגלינג פון אָנפאַנג,
דערזעהסטו א אידען מען שלאָגט
אָהן אַ פריטשינע,(2
נאָר פשוט פון שנאה
ווייל ער נאָמען א י ד אויף זיך טראָגט;
אויף מאָרגען ווידער,
דערזעהסטו צוויי ברידער
פון דיין פאָלק ווי זיי קריגען זיך,
צאַנקען זיך, רייסען זיך,
שלאָגען זיך, בייסען זיך,
שטראָפסטו זיי, מסר'ט מען דיך.
פון יענעם וויעק(3
איז שוין אוועק
פיערטהאַלבען טויזענד יאָהר;
ווער עס גיט א בליק
אויף דיין אומגליק
קומט איהם נאָר די צוויי פאָר:
פון מ צ ר י טרעפט קולאַקעס
מען שעדיגט איהם זיין גוף;
ביי א י ה ם זעה איך דראַקעס,
מחלקות הערט ניט אויף,
נאָר קריעג
מיט זיעג
איז ביי איהם פון משה'ן אָן,
פאַרמעג
מיט טעג
פערשפיעלט ער דאָ אין קאָן.

2

אָה, ווי גרויס איז דער אומגליק פון א שיף,
ווען זי ברענט אין מיטען ים,
די וואַסער אונענדליך, ברייט און טיף
און זי אין מיטען ברענט אין פלאַם!
אָט דאָס איז דיין לאַגע,
דאָס איז — יודענפראַגע,
א פראַגע ווי רעטעט מען דיר;
פון דרויסען דער וועלענרויש,
אין שיף דער פלאַקער גרויס,
טויט שרעק אין שטוב און ביים טהיר!
די אַנטיסעמיטען
ווי די פּאַראַזיטען,
טרינקען ווי וואַסער דיין בלוט;
ביי דיר אין די דירות
איז קריג און מסירות,
זעהסט ניט וואָס ארום דיר זיך טוהט:
עס טרעפט גאַנץ אָפט
ער ווערט געשטראָפט
פון דעם מצרי'ס האַנט,
נאָר דורך דעם
ווייל פון עם[4]
וואַקסט דער אינטריגאַנט:
מיט מסירות דעם כלל בעגראָבען,
שרייבט ער מיט זיינע הענט,
אין צייטונג ביי יודעפאָבען
איז ער קאָרעספּאָנדענט.
מען קען
איצט זעהן

דתן און אבירם,
קוקט איין
פאר'ן שיין,
זיי לעבען עד היום.

3

אָה משה, ווי האָכמוטיג דו ביזט!
קיין הינדערנים האַלט ניט אָפּ דיין וועג;
די וועלען ווי טהורעמס אויף דיר פליסט
און דו שווימסט מיט מוטה צום ברעג!
ביים סנה, גאָט הייסט משה'ן
ער זאָל געהן קיין גושן,
קלייבען מיט זיין האַנט אליין
פון אידען די פיהרער
מנהיגים, רעגירער,
מיט זיי פאר פרעה'ן צו שטעהן,
לסוף אהין געהענדיג,
ביים פּלאַץ שטעהענדיג,
ער וויל אין הויף אריין געהן,
ער זוכט זיי די זקנים,
ניטאָ זיי קיין איינעם,
געלאָזען איהם איינעם אליין.
פון יענער צייט,
ניט זיך א בייט
ווי פיעל טויזענד יאָהר;
און ביז אהער,
דער כאַראַקטער
איז גלייך צו יענעם דור;
ביי זיך אין קהל־חדר

הערט מען דעות פיעל,
קומט אויס מען דארף א ריידער
צולויפט מען אין דער שטיל;
אין שול
איז פול,
מנהיגים אָהן אַ צאָהל;
וואָס טהאָן
פאַר די נאַציאָן
אנטלויפט מען ווי אַמאָל.

4

אָה משה, ווען דו לייגסט זיי פאָר א לאַנד
צו לעבען פון בעארבייטען די ערד
איז פון אָרעמען, צו סאַי פון רייכען שטאַנד
ווערען דיינע ווערטער ניט געהערט;
די שוטרים פון גושן
זיי שרייען צו משה'ן:
„דו מאַכסט אונז פאר פרעה'ן צו שאַנד,
מען וועט אונז פעראַכטען,
ווען מיר זאָלען טראַכטען,
אין גושן — פון אן אנדער לאַנד".
דאָס פאָלק די געמיינע,
הערט ניט די רייד זיינע
— פון ארבייט פון שווערער געמיהט —
בכן אי דער דעמאָקראַט,
אי דער אַריסטאָקראַט,
הערען גאָר זיין עצה ניט.
ביי דיזער צייט,
די רייכע לייט

געפעהלט ניט דיזער פּלאַן;
ווייל דורך דעם,
האַלט מען עם
פאר אן אונטרייען אונטערטהאַן
צום פּעבעל מען נעהמט ריידען:
„קוקט ברידער אהין!"
פון דחקות און פון ליידען,
קריכט זיי ניט אין זין!
הכלל, —
איבעראל,
אויף יעדער טריט און שפּור
זעהט מען
אין עם
פון דעמאָלס זיין נאַטור.

5

אָה, מיין פאָלק! דו ביזט ערהאבען גרויס!
דו ביזט אויף אייביג פעסט געשטעלט;
פון דיינע פעהלער זעהט מען אויך ארויס,
אז דו בלייבסט אונשטערבליך אויף דער וועלט.
ביי וועלכע נאַציאָנען,
קען מען דען דערקאָנען,
פון פיער טויזענד יאָהר א נאַטור?
דאַס פאָלק ווערט דאָך עלטער,
אי שוואַכער אי קעלטער,
עס בלייבט ניט פון יוגענד קיין שפּור;
און דו האָסט דיין יוגענדזאַפט,
ביזט פול מיט לעבענסקראַפט,
ווי אין דעם מדבר אמאָל;

אויף דיר קומט קיין עלטער ניט,
דיין יוגענד אייביג בליהט,
סאַי דו וואַקסט אויף בערג, סאַי אין טהאָל.
אָט דיזער שכר,
איז נאָר דערפאר
ווייל דו היטסט איין דיין שטאַם גוט;
פון משה'ן אָן
איז די גאַציאָן
ריין פון פרעמדע בלוט,
מיט פעלקער זיך זיין מתחתן
געפינט איהר ניט ביי עם,
ער ווייס זיין טאַטענס־טאַטען
ביז יעקב פון שכם;
דעם דור
המדבר
זעה איך אין דיר יעצט,
דיך בייט
קיין צייט
יונג בלייבסטו ביזט לעצט!

1888

# קאָלומבוס און וואַשינגטאָן

1

גרויסע מענשען אייביג שטרעבען
צו ברייגנען נוצען פאַר דער וועלט,
דער שיינקט בילדונג, דער — זיין לעבען,
דער מיט גייסט און דער מיט געלד;
איינער ראַטעוועט טויזענד מענשען
און דער צווייטער אַ מיליאָן,
דער, אַ גאַנצע שטאָדט פון זיין הילף גלענצען,
דער מאַכט גליקליך זיין נאַציאָן.
עס וואַרען מענשען צוויי:
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן,
ביים לעבען האָבען זיי
פיעל גוטעס אויפגעטהאָן;
דער שווימט דעם ים אַריבער
געפינט אַ נייע וועלט,
דער שטרייט ווי אַ גבור
און האָט איהר פריי געשטעלט.
אונגליקליכע פערזאָנען,
פון אַלערליי נאַציאָנען,
שיצען זיך ביי זייער פאָהן,
און אַ גאַנצע וועלט מיט מענשען
הערט מען דורכאויס בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

2

דאָרט אין צפון[1] גיט השגחה,
אין קוואַל פון דלות און פון שמוץ
ליגט און קוועהלט זיך אַ בעל מלאכה,
פון זיין גרוים מיה האָט ער קיין נוץ;
קאָנקורענטען רייסען זיין ביסען,
באָדט זיך שטענדיג אין ים פון נויט,
ווייב און קינד געהען אָפּגעריסען
און זיינען זשעדנע דאָס טרוקען ברויט.
גיט איהם גאָט אַ זין
צו ענדערן זיין שטאַנד,
לאָזען זיך אַהין
צו דער פרייער לאַנד.
איין יאָהר לויפט אַריבער,
זעהט, דער מענש פערדיענט!
ליווערט באַלד שוין איבער
אין נויאָרק זיין געזינד;
טאַלאַנטען באַלד געגעבען,
זיי מאַכען שוין אַ לעבען,
זיי זעהען שוין די נויט ניט אָן.
צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען זיי אויך בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

3

יענעם מסר'ט מען, בלויז פון שנאה,
כאָטש אַלע ווייסען אַז ער איז ריין,
עס ווערט דאָך איינג זיין מדינה,
ער מוז דאָך באַלד צום משפט שטעהן;

און האָט קיין עדות זאָלען איהם בעשיצען
ער ווייס וואָס איהם קומט על פּי דין:
פריהער וועט ער לאַנג אין פעסטונג זיצען
און דערנאָך ווער ווייסט וואוהין...
כאַפּט ער ווייב און קינד
און זיין ביסעל געלט,
לויפט אַוועק געשווינד
אין דער נייער וועלט;
דאָ געהט אויף איהם קיין ביכער,
מען פרעגט ניט ווער און וואָס,
דאָ זיצט ער זיך גאַנץ זיכער,
ווי אונטער אַ שלאָס;
און זוכט זיך אויס געשעפטען,
ווי נאָך זיינע קרעפטען,
קיינער קען איהם גאָר ניט טהאָן,
און צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען איהם אויך בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

4

ווי קלוג, ווי שעהן, איז יענע פריילין,
גליקליך קען זיין פאַר איהר אַ מאַן,
נאָר וואָס העלפט די מעלות, אַז זי קען ניט צעהלע
טויזענד רובעל איהם נדן,
ווען זי זאָל שוין דאָס געלט בעווייזען,
קריגט זי ניט נאָך איהר ווערטה און טהאַט,
דער האָט פיעל פעהלער, דער קען ניט שפּייזען
אַ געזינד מיט ברויט צו זאַט;
קומט איהר אויפ'ן זין אַרויף

אַ קרוב האָט זי דאָרט,
זי שרייבט זיך דורך מיט בריף
און קומט אין פרייען אָרט.
דאָ זוכט מען קיין פּלענער
פון נדן ווערען רייך,
זי קלייבט אויס פון די מענער
וואָס איהר זאָל פּאַסען גלייך,
און האָט פאַר איהם חיונה,
אַ קלייד נאָך אַ שעהנע,
נאָך איהר וואונש פון אייביג אָן.
צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען איהר אויך בענשען,
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

5

ביי יענעם פאַלט שטאַרק די געשעפטען,
איהם האָבען לייט פיעל געלט פערפיהרט.
ער אָבער מאַטערט זיך מיט אַלע קרעפטען,
ביז ער האָט ענדליך געבאַנקראָטירט;
בעלי חובות איהם דריקען, קוועטשען,
פערקויפען ווירטשאַפט ביי איהם פון שטוב,
איינער וויל איהם שוין אין פעסטונג זעצען;
פון הימעל געפאַלען אין טיפסטען גרוב!
ווייזט איהם די נויט אַ פּלאַן,
אַן ענד פון דריק פון רויב,
אַריבער געהן דעם ים
צו דער פרייער טויב.
אָנפאַנגס עטוואָס ביטער:
פרעמד די שפּראַך, דאָס לאַנד,

ווערט ער אַ געניטער,
בייט זיך גלייך זיין שטאַנד;
פאַרדיענט שוין היבשע טאָלער,
און ווערט אַ גוטער צאָהלער,
עס קומט ווידער זיין פריהלינג אָן.
צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען אויך איהם בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

6

זעהט אין צ פ ו ן, פיעל אַקטיאָרען
שפּילען פּראַכטפאָל אויף זשאַרגאָן,
נאָר פון זיי אַלע איז אַ תל געוואָרען,
ווייל עס שטערט זיי אַ זאַקאָן:
ווי זיי קומען אין א שטאָדט שפּילען,
פיהלען זיי דעם טעם פון טויט,
ביז עס טרעפט זיי, בעאַמטע ווילען,
עסט מען אויף פּין זיך די הויט;
בלייבט ביי זיי אַ פּלאַן:
גענוג צו זיין געשטערט,
שווימען דעם אָקעאַן
צו די פרייע ערד;
דאָ שעצט מען דעם טהעאַטער,
מיט עהרע און מיט דאַנק
זיי זיינען נאָך מותר
אויף קלייבען געלט אין באַנק,
און וואָס מען וויל נאָר שפּילען,
און רעדען וואָס זיי ווילען,
זעהען קיין צענזור ניט אָן,

און צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען זיי אויך בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

1889

# צום פעדלער

1

ווי לאַנג וועסטו, אידעל, ארומגעהן און פעדלען ?
און פאַלען צו לאַסט ביי די שכנים אין לאַנד,
וואָס שרייען אין צייטונגען און שטעכען ווי נאָדלען ;
„דער איד איז אַ שנאָרער, און שטעלט אוים די האַנט" !
דען וואָס איז פעדלען ? — נאָר בעטען נדבות !
און אַלטער, א קראַנקער, געהט פעדלען ביי'ם קריסט,
מען נעהמט פון זיין קערבעל אַ פין אויף קאַטאָוועס,
אז דאָס זאָל ניט הייסען : מען שיינקט איהם אומזיסט !

2

עס גיט ביי דיר פעדלער אין קאָונטרי, וואָס רייזען
און פערקויפען דזשולערי[1] — קופּער פאַר גאָלד ;
און מאָר זיך שוין קיין מאָל אין קאָונטרי ניט ווייזען,
דען ער וואָלט מיט זיין לעבען בעצאָהלט...
קומט נאָך איהם דאָרטען א פעדלער, א צווייטער,
ער מעג זיך שוין גראַדע ווי אָרענטליך זיין —
נעכטיגט אין דרויסען, אין שלעכטעסטען וועטער,
און קיינער לאָזט איהם אין שטוב ניט אריין !
ווי שווער און ווי ביטער איז פעדלער'שער לעבען,

3

פערוואָגעלט ווי קין, וואו טאָג און וואו נאַכט;
צו היץ און צו קעלט איז ער איבערגעגעבען,
קיין היים און קיין רוה, און איז שטענדיג פערשמאַכט!
שלעפּט אויף זיך פּעק, וועלכע איבער'ן כוח,
בעקומט נאָך פון לויפער א „יישר" דערפאר;
דער וואַרפט איהם מיט שטיינער, דער שפּאַלט איהם
דעם מוח,
זיין אָרעמעס לעבען איז רק אין געפאַהר!

4

וואָס זוכסטו זיך אידעל אזעלכע פּרנסות,
וואָס מאַכען דיין נאָמען צו שפּאָט און צו שאַנד!
געה לעז אין די צייטונג אויף דיר ליעבע דרשות...
זיי בעסער א פארמער און נעהם זיך צו לאַנד!
האָב דיר דיין הויז, און דיין פעלד, און דיין גאָרטען,
זעע דאָרט און פלאַנץ דאָרט — מיט אַלעמען גלייך!
ווי עהרליך, ווי זיכער, דיין לעבען איז דאָרטען,
און האָסט נאָך אַ טשאַנזש(2 מיט דער צייט ווערען רייך!

5

עס קומען צו טעגליך רק גרינע און גרינע,
און יעדערער כאַפּט באַלד דעם באַסקעט אין האַנט;
זעה, זאָלסט ניט ליידען, ווי יענע פון כינא...
וואָס זענען פערוועהרט היער צו קומען אין לאַנד!
פערגעס ניט, דו איד, אז פון אלע וועלט־טהיילען
— איז היער צו אַנטלויפען דיין איינציגער פּלייס(3
ווען דו זאָלסט, חלילה, אָט די לאַנד פערשפּילען,
וואו לויפט מען שוין דאמאָלסט? אוי, זאָגט, ווער עס
ווייס!

6

וואו איז דעם באַראָן הירש'ס גרויסע נדבות,
וואָרום לאָזט איהר שלאָפּען אָט דעם קאַפּיטאַל ? !
וואו זייט איהר, גבאים, איהר שטאָט־בעלי־טובות !
וואָס זוכט איהר ניט מיטלען צו העלפען דעם כלל.
לאַנד אין אמעריקא איז לייכט צו קריגען,
בעזעצט עמיגראַנטען, גיט לעהרער צו זיי !
זיי זאָלען זיך לערנען, זיי זאָלען זיך קליגען,
צו זעען, צו פלאַנצען דאָרט פּרוכט אַלערליי !

7

וואָס זינגט איהר, פּאָעטען, פון בלומען פון פויגלעך,
דאָס ליעד האָט לאַנג שוין איהר צייט אָפּגעלעבט !
דאָס פּאַסט צו פאַרשלעפּערען קינדער אין וויגעלעך,
ניט בעסער דעם קראַנקען זיין היילונגס־רעצעפּט !
איהר זעהט, אייער פאָלק ליעגט יעצט אין סכנות,
מען רעדט פון זיי העכער... וואַס קען זיין דער סוף ?
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּען פון רחמנות,
און פיהרט אויף א וועג די פערבלאָנדזשעטע שאָף !

8

ווער שלייפט מיר די אויגען צו קוקען פון ווייטען ?
אך ! ווער וואָלט מיר געבען אזא טעלעסקאָפּ !
איך זאָל קענען זעהען די גליקליכע צייטען,
ווי פעדלען און שווינדלען ביי אידען — אַראָפּ !
איבעראַל זאָל איך זעהען נור פאַרמער פון אידען,
און לעבען צוזאַמען, אין שלום און פרייד...
דאַן וואָלט מיין האַרץ זיין בערוהיגט, צופריעדען, —
און איך וואָלט זיי זינגען דעם „שניטער'ס" א ליעד !

1890

# פערזעהן—פערשפּיעלט

1

אין אמעריקא קלייבען זיך ביסלעכווייס אידען,
פון רוסלאַנד, פון עסטרייך, — פון דער גאַנצער וועלט,
און זענען אין חברות, אין לאָדזשען פערשיעדען,
נאָר מען קוקט ניט דעם גרונד, וואָס דעם כלל אידען
פעהלט.
עס פעהלען אונז א אידישע מאַכט אויפצובויען,
צו זאָגען א דעה היער אין פּאָליטיק;
ווען אלע פעלקער יעצט „קלאָבען" זיך סטרויען,
גיבען מיר זיי אָפּ אין האַנט אונזער גליק.
מיר טאָרען אין פרעמדע ניט זיך צופיעל אַנטרויען,
צוויי טויזענד יאָהר לערענט אונז די פּראַקטיק...

2

פיעל דייטשען, פיעל איירישע קומען אריבער,
ווערען סיטיזענס, אָהן גוואלד, אָהן געשריי,
בילדען א קלאָב, זייער וואוט ווערט שוין איבער,
און אלע בעאמטע רעספּעקטירען זיי!
ווי זאָל מען דעם אידען אין לאַנד רעספּעקטירען, —
וואוינט אָפּ צעהן יאָהר, און קיין ערשטען פּאפּיער,
אנדערע לאָזען זיך פון שווינדלער פערפיהרען,
פערקויפען דעם וואוט פאר א דאָלאר, פאר ביער,
ווילען די „לאָר" פון דאָס לאַנד ניט שטודירען,
זאָ קוקט מען, זאָ שעצט מען, זאָ אַכטעט מען דיר! —

3

צוויי טויזענד יאָהר רייזטו אין קעלטען, אין היצען,
דעם פּאַק אויפ'ן פּלייצע, — צו זוכען א רוה,
קוים בעטסטו זיך איין וואו צו שלאָפען אין קיטשען,1)
באַלד הייסט מען דיר מופען, דיין פּאַק נעהמט מען צו.
דאָס האָט דיך ליידער פון מוטה אָפּגעשלאָגען,
געטויטעט אין הארצען דיין שטאָלץ און דיין דרייסט,
ווילסט גאָר אין לאַנד קיין שום דעה ניט זאָגען,
פאַר ווערמען דו שטימסט, און אויף ווערמען דו ווייסט.
זוכסט נור דעם דאָלאַר, זאָל זאַט זיין דיין מאָגען,
געשטאָרבען בר־כוכבא, געשטאָרבען זיין גייסט! —

4

ווען איך זעה מיין פאָלק פון דיר זאָלכע קאָנטראַסטען,
בלייב איך פערצווייפעלט, מיין קאָפּ ווערט מיר דול,
דאָרט, זעה איך, פערטראָגסטו פּאָגראָמען און לאַסטען,
דאָ מאַכסטו סקאַנדאַלען פאר שלישי אין שול;
שטעהסטו אום עהרע, — טאָ שטעה אום דיין נאָמען,
דיין נאָמען „איד" איז נור איין צווייג פון בוים,
פערקויפסטו דיין „וואוט"2) מיט דעם אידען צוזאַמען, —
צום פרעמדען געביי טראָגסטו ציעגעל און ליים!
זעה ליבערסט דיין יאָרד מיט א וואַנט צו פערצאַמען,
גענונג זיין א שכן, — פערזאָרג זיך א היים!

5

ווען איך האָב דיר נאַכלעסיג אין רוסלאַנד געפונען,
האָב איך דאַן געקלערט: ניט אָן דיר איז געווענדט,
וואָס קען דען א מענש טהאָן, ווען ער ליעגט געבונדען,
מיט שטריק פון דיסציפּלינע די פיס און די הענט!
דאָ לעבסטו אין פרייהייט, דו דיענסט ניט ביי ווערמען,

דאָ ווערסטו „אונטערטהאַן“ ניט מעהר גענענט,
און איך זעה דיר דאָ אויך פערמאַכט דיינע ברעמען,
נאַכלעסיג, פויל, דיינע אויגען פערבלענדט,
פוילסט זיך די ערשטע פּאַפּירען צו נעהמען,
וואָס קאָסט צייט א שטונדע, און קעש צוואַנציג סענט...

6

אין נויארק, אין קאָנטרים, גיט גאַנצע דיסטריקטען,
די לענדלאָרדס, די איינוואוינער, אידען דורכאויס;
ווי לייכט קענט איהר קומען צום גליק דעם געזיעגטען,
בעאַמטע וועלכע איהר ווילט, פון קליין ביז גאָר גרויס!
יעצט ווערט מען פון לויפער פערוואָרפען מיט שטיינער,
מען קלאָגט איהם אין „קאָורט“—ער געהט ארויס פריי!
ביי די וועגלעך, די אידלעך, גיט גאָר קיין איינער,
דער קלאָב פון פּאָליסמאַן זאָל איהם געהן פערביי...
ער ליעגט ווי א שעפּס אונטער וואָלפישע ציינער,
און אויף די אַלע בלוט, — וועמעס שולד איז דערביי ? !

7

פון דער קאָנסטיטוציע דו זעה צו געניסען,
זי פרעגט ניט ביי׳ם אידען: ווי קומסטו אהער ?
זי וויל פון רעליגיעס, נאַציאָנען, ניט וויסען,
ביי איהר איז ליעב, ווילקאָמען, יעטווידער גר.
און דו, איד, בעזיצט פון א רוסטער די זיטען,
זוכסט נור א ברעקעל, שאַרסט אָפּ א ברילליאַנט!
פערגעסט וואָס אין דייטשלאַנד האָסטו יעצט געליטען,
ווען דו האָסט דעם איין פונקט געלאָזען פון האַנט!
מען קוקט אויפ׳ן אידען ווי אויף פּאַראַזיטען,
מען „סאָקט“3) און מען נעהמט ניט קיין אַנטהייל אין
לאַנד!

8

זייט פאַטריאָטען, אַמעריקאַניזירט זיך!
שטעהט ניט מיט איין פוס אויף יענעם זייט שוועל!
ווערט אַלע בירגער, און אָרגאַניזירט זיך!
האָט אַלע צום „וואוט“ נאָר איין שטרעבונג, איין ציעל!
דאַן וועט מען קיין אידען אין גאַס מעהר ניט שלאָגען,
ער וועט אויך זיין רעכט געפינען אין „קאָורט“!
דאַן וועט זיך קיין איד ניט ברויכען בעקלאָגען,
דער דזשאָדזש וויל ניט אויסהערען זיינעם א וואָרט!
דאמאָלס וועט איהר ערשט מיט רעכט קענען זאָגען:
„דאָס לאַנד איז פאר אידען דער רוהיגסטער אָרט!“ —

9

ווען דו וואָלסט געווען א מאַכט אויפגעבונדען,
פון אידישע בירגער היער, אַלע באַנאַנד, —
ווען דו וואָלסט פון אַלע אַ צענטראַל קלוב גרינדען,
צו שיצען די אידישע אינטערעסען אין לאַנד, —
דאן וואָלסטו קענען א געגען־מאַכט בויען,
געגען די פינסטערע גלחים היער,
וואָס ווילען צוטרעטען מיט זייערע קלויען,
רעליגיעזע פרייהייט, פאר יעדען, פאר דיר,
וואָס ווילען דעם גרונד־געזעץ אויך איבערסטרויען,
דאָס לאַנד זאָל נור קניהען צו די ווילדע טהיער!

10

יעזואיטען און גייסטליכע זיינען היער מאַסען,
שטילע בריעף פון פּאַבסט ערהאַלטען זיי פיעל;
זיי וועלען אימער ניט רוהען, ניט ראַסען,
ביז זיי וועלען קומען פעסט צו זייער ציעל.
זייער ציעל איז נאָר — די צייט אומצובייטען,

די קירכע זאָל ווידער ערגרייכען איהר מאַכט,
דאָס פאָלק זאָל דאָס פערד זיין, און זיי זאָלען רייטען,
ווי אין מיטעל־אַלטער, — א פינסטערע נאַכט !...
מיט אונזער בלוט איז פערשריבען די צייטען,
געלענגען געבונדען, ווי שעפּסען צום שלאַכט !...

11

שטעהט אויף פּיקעטען, די אויגען האַלט אָפען !
ווייסט וואָס עס טהוט זיך דאָרט הינטער ארום !...
מיינט ניט אז אייערע שונאים זיי שלאָפען,
זיי זענען אין „וויהיט־הויז" אויך פול אומעטום, —
אויף דער קאָנסטיטוציע האָט ניט קיין בטחון,
דער אמת ווערט דונקעל, ווען דער שקר גילט !...
די וועלט האָט ניט איין מאָל פערבלאָנדזשעט,
פערקראָכען,
און מיר האָבען נאַכהער די קלעפּ גוט געפיהלט...
ווייסט ניט אין איין נאַכט וואָס קען זיך פערקאָכען —
האַלט אָפען די אויגען ! פערזעהן — איז פערשפּיעלט !

1880

# די „דזשואיש אליאַנס"(1)

1

דייטשע און אידישע מאַסען,
וועלכע האָבען דאָ(2) אַ גרויסע דעה,
די זעלביגע דעם אידען האַסען,

מיט דער צייט קען אונז שטאַרק זיין נוגע...
און מיר — זענען יעדערער בעזונדער
ווי די שעפּסען צו וואָרפען איבעראַל,
עס געפינט זיך פון אונז ניט קיין גרינדער
צוזאמען בינדען אַלעמען אין כלל
און דאָ געהט צייטונגען פארשידען,
וואָס זענען פון אונז ניט צופרידען
און רייצען אויף אַף דעם אידען
ווי זיי זענען פון ד אָ ר ט געוואוינט.
און ווען מיר זאָלען ניט בעצייטען
בינדען קרעפטען אויך ווי לייטען, —
זעהט מען וואָלקענס פון דער ווייטען
אז דער מח ווערט ערשטוינט;
בעטראַכט־זשע און מאַכט א באַלאַנס
ווי נויטיג אונז אין אן אַ ל י אַ נ ס
יעדער גליד פון אונזער קערפּער זאָל ניט פענאַנדערגעהן
(דער פעהלער פון אונזערע אבות אבותינו)
ווען דער אַליאַנס זאָל אונז ברייננגען נאָר דאָס אליין,
איז אונז שוין אויך דיינו!

2

אין אמעריקא אלע נאַציאָנען,
וואָס זענען אהער אָנגעקומען
האָבען געגרינדעט קאָלאָניען,
די ערד אין האַנט אריינגענומען.
ביי אונז קומען טעגליך אָן גרינע
און ווערען פון באָסעס פערפיהרט,
דערפון שטייגט פון ארבייטער די שנאה,
ווייל דער איד אין פרייז נאָר קאָנקורירט.

ווען מען וואָלט זיי ערד געגעבען,
זיי זאָלען מאַכען דאָרט א לעבען,
ניט אין פּעקטאָרים צו שטרעבען
און ארבייטען האַלב אומזיסט;
מיט'ן קריסט ניט קאָנקורירען,
שנאה וואָלט ניט עקזיסטירען,
דאָס לאַנד וואָלט אונז פאַר בירגער שפּירען,
מען ארבייט ערד גלייך מיט'ן קריסט.
בעטראַכט־זשע און מאַכט א באַלאַנס
ווי נויטיג אונז איז אן אַליאַנס
מיר זאָלען אין דער פרייער לאַנד אויף א פעסטען באָדען שטעהן,
דאָס הייסט קוממיות על ארצנו;
ווען דער אַליאַנס זאָל אונז ברייננגען נאָר דאָס אליין
איז אונז שוין אויך דיינו!

3

ווי שלעכט מיר ערציהען די קינדער,
פון נאַציאָן ווייס ניט קיין איינער,
אז עס איז שוין גאָר ניט קיין וואונדער
וואָס זיי פערוואַרפען א אידען מיט שטיינער;
נאָך צוואנציג יאָהר ווען מיר זאָלען אָפּפּאָהרען
וואָס וועט זיין מיט דעם צוקינפטיגען דור?
ניט וויסען, אז מען איז א איד געבאָרען
געענדיגט מיט דאָס יודענטהום ביז גאָר!...
און אום צו בעסערען די לאַגע,
פון אונזער ערציהונגס פראַגע,
מוזען מיר צו ריעזען טאַגע
בינדען זיך א ל ע אין כלל.

ווען מיר זאָלען זיין געבונדען
און צו דעם ציעל שולען גרינדען,
ווי פּעדאַגאָגען האָבען ערפונדען
מיט די ערציהונג איבעראַל.
בעטראַכט־זשע און מאַכט א באַלאַנס
ווי נויטיג אונז איז אן אַליאַנס
מיר האָבען ערשט נאָר אָנגעפאַנגען פון מה טובו צו גען,
האַלטען אונזערע קינדער ביי עלינו...
ווען דער אַליאַנס זאָל אונז ברייננען נאָר דאָס אליין
איז אונז שוין אויך דיינו!

---

צווייטער טהייל.

1

איצט בעטראַכט ווי ס'איז נויטווענדיג
בינדען זיך באַנאַנד,
אוב איהר ווילט נאָר בלייבען שטענדיג
בירגער דאָ אין לאַנד;
אויב איהר ווילט ניט זיין ווי בלעטער
וואָס פאַלען אָפּ פון בוים,
טאָ לייגט דעם איצט ניט אָפּ אויף שפּעטער
נויטיג איז דער שוים.[1]
איהר וואָלט האָבען דעם בליק
מיט צוואַנציג יאָהר צוריק,
וואָלט איהר איצט גאָר אַנדערש אויסגעזעהען;
פאַרמער אידען פיעל,
לעבען רוהיג שטיל,
פון שנאה וואָלט קיין זכר ניט געווען.

2

ציים צוויי טויזענד יאָהרען שלעכטע
קומט אונז ניט צום האַנט,
אידען זאָלען האָבען רעכטע
ווי דאָ היער אין לאַנד,
איהר קענט גרינדען דאָ אַליאַנסען,
פיעל דאָס האַרץ געלוסט,
קלייבען געלדער און פינאַנסען,
קיינער שטערט אייך ניט.
טאָ בענוצט די צייט און זעהט:
בעט איהר אויס גוט די בעט,
שלאָפט איהר רוהיג גלייך מיט אלע לייט...
ווען איהר פוילט זיך יעצט,
חרטה קומט צו לעצט,
האַרט צו שלאָפען, האַרט אונטערן זייט.

3

דיין ניט שטימען דאָס פערטרייבט דיך
פון דיין אייגען לאַנד,
ענדליך זעהסטו אז ס'פערבלייבט דיך
אונגליק, נויט און שאַנד;
ביז ווי לאַנג וועט דיינע וואונדען
נאָך ניט זיין פערהיילט?
עס איז שוין צייט צו זיין געבונדען
אין שטיקער ניט צוטיילט!
ביי דיר אין שול, אין הויז
זיי דיך פריי און לויז,
קענסט זיך פיהרען ווי דו ווילסט אליין;

וואָס אַנבעטרעפט דעם כלל —
אָט דאָ איז אויף דיר חל
זאָלסט זיך בינדען, ניט פון ווייטען שטעהן.

4

דער אַליאַנס מוז אימער שטייגען,
דאָס געפיהל אונז הייסט
אין די קאָנטרים פלאַנצט אויך צווייגען,
פון פינגער מאַכט א פויסט;
מיט די סענטען זייט צופרידען,
אָנפאַנגס מוז זיין קליין,
עס וועלען שון די רייכע אידען
אויך צו אונז צושטעהן.
זיי זאָלען זעהן — דאָס פאָלק
ארבייט מיט א טאָלק,
דאַן ווערט גבירים טויזענדער פערשאַפט,
דער פאָנד פון דעם באַראָן
וועט אויך העלפען טאָן,
פון אלע גליעדער ווערט איין מענש מיט קראַפט.

5

זאָל אייך דאָס ניט זיין אונמעגליך,
ווי א באַרג די גדוים,
דען די פּראַקטיק ווייזט אונז טעגליך,
וויל מען, פּהרט מען אוים;
עס זאָל דיר מיין פאָלק ניט אַרען,
וואָס מען שלאָגט דיר אָפּ,
דאָס איז מרגלים, בלייבען נאַרען,
עס פעהלט זיי האַרץ און קאָפּ.

מיט ענערגיע טהוט,
פאַלט ניט אָפּ פון מוטה;
קאָכט מען מיטאָג, מוז דאָך געהן אַ רויך.
פעסטיג דעם בעשטאַנד
פון אידען דאָ אין לאַנד,
מיר זאָלען בליהען, וואַקסען, שטייגען הויך! —

1891

# דאס גאלדענע לאנד

1

פון אמעריקא האָב איך אלס קינד געהערט,
ווען מענשען פלעגען רעדען באַנאַנד:
„ווי גליקליך מען לעבט אויף קאָלאָמבוס'עס ערד —
דאָס איז אַ גאָלדענע לאַנד",
איך בין אהער געקומען, דעם ספר דורכגעקוקט,
טרערען, טרויער, איז אויף יעדען בלאַט געדרוקט.
אין די ענגע גאַסען, וואו די מאַסע שטעהט געדיכט,
פיעל אָרימע, פינסטערע, דער אונגליק ליגט אויפ'ן געזיכט;
שטעהען פון פריה ביז ביינאַכט,
די ליפען פערברענט און פערשמאַכט.
דער איז מפקיר זיין קינד פאר א סענט,
דעם וואַרפט מען פון וואוינונג פאַר רענט,
פיעל גרינע מיט שווערען געמיט
פאַלען פון הונגער אין סטריט,

פיעל דלות מיט קראנקהייט באַנאַנד,
אַלץ אין דעם גאָלדענעם לאַנד.

2

דעם ארבייטער'ס לעבען שווימט דאָ אוועק
אין א טייך פון זיין אייגענעם שוויים;
האָרעוועט אין ביזי און הונגערט אין סלעק,
און איז שטענדיג אין שרעק מיט זיין פליים,
ווי א מאַשין א נייע לעגט פאָר איהר פּראָיעקט.
פיעל אַרבייטער הונדערטער, ווערען פון פאַבריק
געסעקט,
לעזט נאָר די סטאַטיסטיק, זעהט מען יעדען מאָל,
פיעל גאַסען־טרעמפּס, קאַליקעס, פערגרעסערט זיך
שטענדיג די צאָהל.
דער פּראָלעטאַר האָט דאָ א ווערט,
פּונקט ווי אין סטריט־קאַרס די פערד,
לויפט, לויפט, ביז וואַנען ער פאַלט.
קיין ארבייטער ווערט דאָ ניט אַלט,
דעם גיט א מאַשינע א ריס,
דער בלייבט פון ארבייט אָהן פיס,
דער ווערט בלינד, דער אָהן א האַנט,
און אַלץ אין דעם גאָלדענעם לאַנד.

3

דער גרינער פאַלט דאָ פון מוט אראָפּ,
ווען לויפער איהם רינגלען ארום,
דער פּאָליסמאַן זעהט, קעהרט אָפּ די קאָפּ,
ווי הפקר דער מאַן וואָס איז שטום!
דער פעדלער מיט'ן וועגעל, רק מען שלעפּט אין קאָורט,

פעדעלט אום זונטאג, שענקט מען איהם אין „טומס“ אן אָרט,
אין די סויטה פעררייזט ער, דען דאָ איז איהם ניט גוט,
פיעל פעדלער דאָרט; הרוגים, קיינער מאָהנט ניט אויף דאָס בלוט.

האָט איינער דעם קלענסטען טרייעל1)
שטעלט ער זיין אייגענס אין בייל,2)
דער לאָיער דאָס זייניגע טהוט,
סאָקט איהם זיין לעצט ביסעל בלוט.
האָב איך מיט גאָלד ניט ערפילט,
דאַן איז שוין מיין משפט פערשפיעלט,
צוריק געהט די וואַרהייט מיט שאַנד,
און דאָס רופט מען: גאָלדענע לאַנד!

4

פיעל האָט דאָ א ווערטה א מענשענס קאָפּ,
ניט זיכער קיין איין מינוט.
דאָרט געהט א טריין פון וועג אראָפּ,
א טייך מיט מענשען־בלוט,
ביי סטריט־קאַרס און פאבריקען וואָס לעבענס מען פערליערט,
דער אַמבולאַנס איז ביזי, רק מען זעהט ער טהוט און פיהרט.
דאָרטען גראָבט מען קוילען, פלוצלונג עקספּלאָדירט,
הונדערטער פאַמיליען ווערען שוין צורואינירט.
פיעל אָפּפער האָט נויארק געבראכט
פון איהרע פייערס ביי נאַכט;
די שפּרינגען פון דריי פלאָר הויך,
די בלייבען דערשטיקטע פון רויך,

פון פייערעסקייפּ(3) פאַלען אויפ'ן גאַס
קינדער פערברענטע אויף אַש.—
ווי געפעהרליך דער לעבענס־בעשטאַנד,
היער אין דעם גאָלדענעם לאַנד!

5

דאָס פרויען־געשלעכט, גיט היער א בליק,
וואו איז זייער בלומענגעשטאַלט? —
אלס קינד נאָך ארבייט זי אין פאַבריק,
אָהן יאָהרען ווערט זי אַלט,
די שטענגלעך פון דער חופּה, ערקלערען איהר שטומערהייט,
אַז איהר הייראַטען איז אָפּיום, דערפון ווערט מעהר די קאָפּ פערדרעהט;
איהר האָרעווען ביז איצטער, איז ווי א נול געשעצט,
געגען די לאַסטען, וועלכע איהר ערווארטען איצט.
ווי גיך עס פערוועלקט שוין די רויז,
זי מוז שוין אַטענדען א הויז,
די בייבי גיט איהר קיין רוה,
זי האַלט אַ דריי באָרדערס דערצו;
מוז וואַשען די וועש און דעם פלאָר,
די קרעפטען ווערט שוואַכער פון יאָהר,
ווי טרויעריג דער פרויען בעשטאַנד,
היער אין דער גאָלדענער לאַנד!

6

אין נויאָרק דאַן־טאַון,(4) קוקט דאָרט אַראָפּ,
וואו די לופט איז אַ רעגעלער פעסט;
מען ליעגט אין די טענעמענטס אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ,
ווי די הערינג אין בארלעך געפּרעסט.

די אלע סאָרטען שפּייזען, וואָס דער ארימאַן געניסט,
איז מיט פאַלשקייט, מיט הומבאָג, זאָגאר מיט ריזיקע געמישט.
ער איז פון דער פאמיליע דער שפּייזער אין דער נויט,
שטאָפּט מען איהם מיט שעדליכעס, בלייבט א קראנקער ביז אין טויט.

ווער קען עס צוזעהן דעם צער,
ווי קינדערלעך שפּרינגען פון קאַר,
מיט ניוספּייפּערס[5] פול אין די הענט,
ריזיקירען זיך פערדינען א סענט,
אין הויז איז דער דלות דאָרט פול
דאַן רייסט מען אָפּ קינדער פון סקול,
זיי בלייבען פערגרעבט, אָהן פערשטאַנד —
און דאָס רופט מען: גאָלדענע לאַנד! ?

7

נאָר גליקליך לעבט דער רייכער אין איהר,
ער בעזיצט א קעניגרייך,
וואָס אין יוראָפּ א פירסט — איז אין אמעריקא א גביר,
די מאַכט איז פון ביידען גלייך.
אין דעם גרויסען וועלט־ים אַלע טייכען פליסט,
און דער רייכטהום פון דעם מיטעלשטאַנד ציהט זיך צום קאַפּיטאַליסט.
איהם שאדט קיין קאָנקורענציע, זיין קאַפּיטאַל איז גרויס,
ער גיט א שפּיעל א ווייליגקע, ווערען קליינינקע באלד אויס;

ווי שטאַרק איז זיין מאַכט און זיין וואָרט
ער האָט די דעה אין קאָורט,
אין סיטי האָלל[6] גילט נאר זיין שטים,

ציימונגען חנפ׳ענען איהם,
באַהנען פיעל, און קויהלען־מיינס,(7
לאַנד וואו מען פאָהרט איז נאָר זיינס,
איבער איהם גיט ניט אין שטאַנד, — — —
פאר איהם איז א גאָלדענע לאַנד!

1892

# דער גרינער

1

אמעריקא רעכענט זיך פאר א נייע וועלט,
דער גרינער איז אין איהר ווי ניי געבוירען;
פאַקען ווערט איהם אויפ׳ן שיף געשטעלט
און מאָזעלט ווען ער קומט צופאָהרען.
די פאָקען איז איהם לייכט אריבער,
געענדיגט מיט א קליינעם פיבער;
די מאָזלען איז דוקא ניט גרינג:
פרעמד איז ער דאָ פון אלסדינג;
ער ווייס ניט צו וואָס זיך צו שטרעבען,
פון וואַנען צו מאַכען א לעבען;
ער זעהט פרעמדע מענשען א סך,
איז בלינד אינ׳ם לאַנד אין דער שפּראַך.
אָה דו עלענדער! דו ביזט פארווירט!
די פאַלשע האָפענונג, האָט דיך אהער פערפיהרט!
קיין טאַלאַנט
אין האַנט

ווייס ער ניט ביז היינט,
און האָט
אין שטאָט
קיין גואל און קיין פריינד.
ער טרייט[1]
און בייט
מלאכות אויף זיין וועלט
און ליידט
א צייט
ביז די מאָזלען פעהלט.

2

עס שיינט אז קאָלאָמבוס האָט א געזעץ געשטעלט,
אַן אָפּמאַך מיט זיין געפונענע נייע וועלט ;
אז יעדער גרינער וואָס קומט אין איהר אריין
מוז אומבעדינגט פון אָנהויב א פּעדלער זיין.
ער הערט צו פון אלעמען עצות,
און פאַנגט אָן צו פּעדלען מיט מעטשעס,[2]
און ווייל ער ווייס די שפּראַכע ניט,
מוז ער שטעהן אין העסטער סטריט.
פון פּאָליסמאַן ווערט ער ניט גיך פּטור
אז ער פרעגט איהם די לייסענס צי האָט ער.
דאַ זעה איך ער לויפט מיט געלאַף
און שרייט „איין סענט — דער טעלעגראַף !“[3]
און איך קוק אויף דיר, און מיין הארץ מיר ברענט
שרייסט אָפּ א נאַכט, און דו לייזט קיין סענט.
זעהט איצט,
ער שוויצט
ער פּעדעלט שוין מיט רעגס ;[4]

שלעפּט זעק
מיט פּעק
און קריכט פינף פלאָר צו זעקס.
זיין געזינד
מיינט אצינד
ער שעפּט גאָלד יעדער שעה —
און ער,
ווי שווער,
ליגט אין מאָזלען דאָ!

3

ניט ביי אלע גרינע געהט גלייך די מאָזלען פארביי.
דאָס בעלאַנגט אָן בעקאַנטשאַפט, גליק און מענש.
אנאנדערער מאָזעלט א יאָהר, צוויי, צו דריי,
ביז ער בעקומט עטוואָס אַן עקזיסטענץ.
ער טהוט אָפּ כל עבודת פּרך
און דיענט אַלע געטער, ווי תּו״ח:
ימים נוראים ביי'ן חזן אַ באַס,
דאָ שטעהט ער מיט לעמאָן אין גאַס,
אין א פעקטאָרי פון בלעך איז שוין גרינגער
נאָר דאָרטען פערגעסט ער א פינגער,
וואָס ער שטעהט אין האָספּיטאל אויס
ביז ער געהט מיט'ן לעבען ארויס!
און דאָ זיין באָרד דערלעגט די וואָג,
איהם בעפאַלען לויפער, טאָג פאַר טאָג.
ער טרעט
מיט געבעט
צו די אַכטע סטריט
און הערט,

ווי ער ווערט
מיט זלזולים אָפּגעבריהט.
ער פערטרויט
זיין נויט
און טרערען פון איהם פליסט;
דער אַנטוואָרט
איז: פאָרט!
און געהט אוועק מיט נישט.

4

ער טרייט און לערענט זיך אַ גלעזער צו זיין,
מעסט אויס אלע סטריטען פון אפטאַן.
נאָר קיין איינער לאָזט אַ גרינעם אין שטוב אַריין;
ער קלערט און געפינט א נייעם פּלאַן:
א ביגלער ווערט ער מיט דעם בטחון,
אז אומזיסט וועט ער נאָר טהאָן דריי וואָכען;
נאָר אַז ס'קומט צו די ווײדזשעס[5] עטוואָס
ווערט סלעק־טיים דאָרטען ביי'ן באָס.
ער וויל כאָטש צום יוניאָן בעלאַנגען,
נאָר דאָרט וויל מען איהם ניט עמפּאַנגען;
ער בלייבט א פערוואָגעלטער סקעב,
בעקומט אָפט זלזולים און קלעפּ.
און זיינע בריעף פון יוראָפּ איז מיט בלוט געפאַרבט,
אז זיין גאַנצע געזינד דאָרט פון הונגער שטאַרבט;
ער קלערט
און ווערט
א מלמד פון אלף בית;
ביז זיין שול
ווערט פול

גיסט איהם אָפּ א שוויים.
אין בייסמענט6)
רינען די ווענט.
און ער הוסט, און שרייט און קנעלט,
ביז זיין ברוסט
ווערט פּוסט,
און זעגענט זיך מיט דער וועלט.

5

ב ייאַלע פעלקער פאַלט דער גרינער קיינעם צו לאַסט,
קומט פון שיף און גלייך פערדינט ער געלט.
פערזאָרגט ווערט איהם אַן אַרבייט וואָס איהם פּאַסט.
אומגליקליך איז דער איד נאָר אויף דער וועלט;
טראָץ דעם, וואָס אידישע באַראָנען
ספּענדען צו דעם צוועק מיליאָנען,
דאָך ווייזט מיר איין מענש אויף דער וועלט
וואָס ווערט אונטערשטיצט פון די געלט ? !
זייער אָפּים איז פון אונז אונצופרידען
און האַסען דעם רוסישען אידען,
אז זיי האָבען א שאַפּ אויפגעבויט
ארבייט מען הויל פאַר'ן ברויט.
ווי לאַנג וועלען מיר זיין געפּאַראַליזירט,
אונז פריהרט די פיס, און דער קאָפּ ניט שפּירט;
ערוואַכט
און מאַכט
צום „דזשואיש אליאַנס א ברענטש“
אז קומט אהער
א גר
פערזאָרגט זיין עקזיסטענץ;

א נאַציאָן
מוז טהאָן
פערזאָרגט פאַר יעדעס גליעד,
א פערדראָס,
פארוואָס
פערשטעהט עס ניט דער איד ! ?

1893

# זמן מתן חירותנו

(צום 4־טען יולי).

כ א ר :

פייערט אלע אידען דאָ, דעם פאָורטה אָף דזשולייּ.
דאָס איז ביי אונז דער צווייטער פסח היינט !
דאמאָלס ווערען אידען נאָר פון א י י ן פרעה'ן פריי
היינט בעזיעגט איהר פיעלע פיינד !

ס א ל א :

ווער איז דער היסטאָריקער, זאָל אויפווייזען די צייט,
ווען די אידען האָבען רוה, ווי יעצט אין דיזען לאַנד ?
אין בית ראשון, בית שני, אימער קריעג און שטרייט,
נאכהער אין גלות, דריקונגען און שאַנד.

כ א ר : פייערט אלע אידען דא א. ז. וו.

ס א ל א :

פון אונטערשיעד אין גלויבען, און נאַציאָנאַליטעט,
פון זאַקאָן: „קראָמי יעווריעוו" און צייטונגס זידלעריי;

פון פינסטערע צענזוריע, פון בעליידיגען מאַיעסטעט —
פון שמוציגע אנטיסעמיטען פריי.

כ א ר : פייערט אלע אידען דא א. ז. וו.

ס א ל א :

אין יענע צוויי רעפובליקען, מיט איראָפּאַ בענאַנד,
זענען אידען ביז נאָך היינט פעראַכטעט און פערהאַסט;
די „דעקלאריישאָן אָף אינדעפענדענס“ דאָס פערמאָגט קיין לאַנד
די קאָנסטיטושאָן האַלט אין גאָלד געפּאַסט!

כ א ר : פייערט אלע אידען דא א. ז. וו.

ס א ל א :

נעהם נור דיין היסטאָריע איד! לעז עס בלאַט פאר בלאַט,
גאַנצע ימים אידיש בלוט בעגעגענסטו אָט דאָרט;
אין אלע לענדער קוק נאָך היינט, בעטראַכט נור יעדער טהאַט,
אויסער דאָ האָסטו קיין רוהיג אָרט.

כ א ר : פייערט אלע אידען דא א. ז. וו.

ס א ל א :

וואַרף אוועק דיין וואַנדער שטאָק! גלייך שוין אויס דיין קאָפּ!
מעהר פון אַלע פעלקער דאָ זינג פרעהליך דאָס געדיכט;
ווער עס ליעגט אין דער פינסטער, זאָ פיעל יאָהרען אָפּ,
דעם ערפרעהט זיין הארץ נאָך מעהר דאָס ליכט —

כאר:

פייערט אלע אידען דאָ, דעם פאָורטה אָף דזשוליי
די ענדרע פון דיין לאַנגען קלאָג;
נאָך זאָ פיעל יאָהרען פייניגונג, דריקונג, טיראניי,
ענדליך שיינט דיר העל דער טאָג!!

1898

# צו מיינע פריינד

די ענטוויקלונג פון מיינע ליעדער
איז די ענטוויקלונג פון מיינע ברידער
פון אכטצעהן פינף און פופציג, פון צייט איך פאַנג זיי אָן.
דער איד איז דאַן געוועזען
פאַנאַטיש און אומבעלעזען;
שרייב איך פאַר איהם קליינליך, ווי ער פערנעהמען קאָן.
און פיעל דער איד שטייגט העכער,
זיין פאַנאַטיזם שוואַכער,
ווערט מעהר דענקענד מיינע ליעדער, פינקטליך טריט
ביי טריט.

זוכט נאָך די מעטאָדע,
דערקענט איהר זיין פעריאָדע,
ווי ער שטעהט, אויף וואָסער שטופע געה איך מיט
איהם מיט.

# מיין ליעד און דער איד[1]

ווי גרויס איז מיין ערשטוינונג,
איך זעה יעצט מיין בעלוינונג:
אַ גאַנצע פאָלק קומט דאַנקען איינעם פאַר זיין מיה.
איך זעה אַז איהר פערגעסט נישט, —
די דאַנקבאַרקייט פערלעשט נישט —
איהר צאָהלט מיר אָפּ פון אבענט פאַר מיין מיה פון
דער פריה;
פון מיינע פריהלינגס יאָהרען
ביז איך בין אַלט געוואָרען
געאַרבייט פאַר דער אַלטער וועלט, פיעל לאַסטען
איך פערטראָג!
געאַרבייט פאַר זיי מונטער
ביז די זון געהט אונטער
דער נייער דור פון דעם זייט ים בעלוינט מיר פאַר
מיין טאָג.

# באַמערקונגען און אַפּטייטשונגען צו די לידער.

## דער פּוסטער פּראַנט (ז. 21)

1) שטיוועל איז — צונזער געברויכט כמעט אומעטום א י ז (איינצאָהל) אנשטאָט ז י י נ ע ן (מעהרצאָהל).

אויך אין די ענדערונגען פונ'ם אַרביטס־וואָרט געברויכט ער די איינצאָהל־פאָרם אפילו דאָרט וואו עס דאַרף זיין מעהרצאָהל. ווי: גלידער ו ו ע ר ט יונג, אנשטאט ו ו ע ר ע ן יונג, א. ד. גל.

## זאָגט קדיש נאָך דער וועלט (ז. 25)

1) דאָס ליעד איז געשריבען אין יענער צייט ווען דורך דער נייער באַהנליניע קיין פּרייסען איז די געטאַ־בירזשע אָנגעפילט געוואָרען מיט פרעמדע ספּעקולאַנטען און די אידישע פּאדריאטשיקעס (קאָנטראַקטאָרס) האָבען פון דעם שטאַרק געליטען.

2) אַבוּאוואטעלעס (רוסיש) — בעלי־הבתים.

3) פּאר דעפּוטאַטען.

4) אָטוועטשייען — ענטפערען, פאַרענטפערען זיך.

5) די קאיפּעלע ווערט רק יאַלעווע — מען טרינקט אויף באָרג און די קאיפּעלע, דאָס טונכעלע מיט וויין, ווערט לער. (יאלעווע—די צייט ווען א קוה הערט אויף צו געבען מילך.)

6) קאָנקלעטען — דאַרף זיין — קאָטלעטען.

7) אַ דריאַקע — אַ געשלעג.

8) קינדער, קליינע ערבות — וואָס מיינט עס?

9) ניט קיין וויגאָדע — ניט קיין גוט געשעפט.

10) קרינעלינע — אַזאַ מין קלייד פון אַן אַלט־מאָדישען פאסאָן.

11) יושקעס — קוימענדעקעל.

## דאָס ליעד פון זייגער (ז. 31)

1) פּראָוועדיר — וועג־פיהרער, פאראויסגעהער.

2) אַ פּאָדלע — אַ שלעכטע.

3) אַ טרענץ — אַ טרייסעל.

## דאָס ליעד פון פויגעל (ז. 36)

1) **איי** — פארקירצט פון — א י י ד ע ר.

2) די סטראָפע, ווי א פּאָר אַנדערע סטראָפען אין אַנדערע ליעדער, איז, ווי עס ציינט בכיון געשריבען געוואָרען פאר'ן רוסישען צענזאָר. אידען, הייסט עס, האָבען עס אליץ אמאָל ערגיץ אנדערשוואו געליטען, אָבער ניט אין רוסלאַנד...

3) **איהר פנים** — מיינט אודאי דעם פנים פון פערוואָגעלטען פויגעל, פון פאָלק ישראל, וואָס ווערט געפּלאָגט און געיאָגט פון אנדערע רויב־פויגלען, פון די גוים.

4) **דער ווירטה פון לאַנד** — די רוסישע רעגירונג. ווידער אַ סטראָפע פאר'ן רוסישען צענזאָר.

## פון חדר זאָגט מען ניט אוים (ז. 44)

1) **„וואָן"** — טראָג זיך ארוים פון דאַנען!

2) **צום קלפּי** — א שמחה אין שול.

3) **באָגאַדעלניע** — מושב זקנים.

4) **א וויץ-שמאַק א פּרייער** — וואָס מיינט עס?

5) **שאפעט** — פּיליכט מיינט עס ס אָ פ ע ט, ציהט שווער דעם אָטעם.

## דער זומער מיט'ן ווינטער (ז. 50)

1) די **שפּעקטען** — (אראנזשעריע).

## דאָס ליעד פון אויג (ז. 57)

1) **א פּול** — א שטויב.

## די פערדאָרבענע בילדונג (ז. 66)

1) **סטראָי** — אָנשטעל.

2) **נוטירקין** — ראשי תיבות.

3) אויף רוסיש — דערלאַנג דעם טאַטען מיט א שטעקען.

4) **פּערווי ראַזריאַד** — ערשטער גראַד, בעסטער סאָרט.

5) **שיניאָן** — אַזאַ זאָרט פאַרקאָמען די האָר, מיט א מין צאָפּ.

6) אויף רוסיש — אַזעלכע וויל איך דורכאויס ניט האָבען.

7) **טאַלקוטש** — מאָרק.

8) **פּרייסלעך, טאַראַקאַן** — אזוינע אינזעקטען, וואָס פּלאָדענען זיך אין הויז פון שמוץ.

## מיר זיינען קינדער (ז. 72)

1) דאָ קרייציגט מען קעצער אין אינקוויזיציאָן —

2) גאַטאָוו — פאַרטיג, גרייט.

## דעם רבי׳ס שליסעלע (ז. 78)

*) דאָס ליעד איז אייגענטליך אַ סאַטירע אויף אַלע פאַלשע בעל־שם־טוב׳ס, עם הארצים, וואָס שפּילען א ראָליע א דאַנק דעם אבערגלויבען און נאַרישקייט פון פּראָסטען עולם.

*) שררים — דאַרף זיין ש ר ר ו ת. (קען פּיליכט זיין — שרים.)

## אַטלעס (ז. 87)

1) מיך — דאַרף זיין מיר.

## דער פּראָם (ז. 92)

1) פּראַוויטעלסטוואָ — רעגירונג.

## דער אַלטער פּאָטער (ז. 96)

1) ליסטאָפּאַד — בלעטערפאַל.

2) עם — צונזער האָט אין גאַר אַ סך פלעצער געברויכט דעם ליטוויש־וואָלינער עם אנשטאָט א י ה ם. אין מאַנכע ליעדער האָבען מיר איבערגעדרוקט דאָס ריכ־טיגע וואָרט — א י ה ם.

## די פערמאַסקירטע וועלט (ז. 100)

1) שטאָרעם — פּאָרהאנגען, גאַרדינען.

2) צום פּאָהיבל — צום אונגליק.

3) ברידקע — עקעלהאַפט, דערעסען.

4) פּענעס — שרייב־פעדערס.

5) קומט אַן יוריע צו מיכייל — מיינט געווים: און נאָך אלע צרות קומט דער גוי און רויבט אַוועק דאָס ביסעל געבליבענע האָב־און־גוטס.

## די געהיימנים פון ערב יום טוב (ז. 108)

1) האַדקע, אָדער גאַדקע — עקעלהאַפט.

2) און פון טיש טרייבען — מיינט געווים, — מען טהוט איהר פון טיש טרייבען.

3) סיפור-מעשה, — געשעהעניש.

4) קען זיך ניט פּאָמעשטשען — ניטאָ קיין פּלאַץ גענוג.

### דער אייזערנער שראַנק (ז. 116)

1) ערקלערט — מיינט, אויסגעקלערט.
2) שטוילער (דייטש) — גנבים.
3) לואידאָרען — פראַנצויזישע גאָלדענע מטבע פון 20 פראַנק.
4) אַ פולאַרעס (פויליש) — אַ טיכטעכל.
5) יציאות — דאַרף זיין הוצאות.

### שטאָק-שפּיעל (ז. 121)

*) די ערקלערונג פון שפּיעל.

### דער פּאַטשטאָווער גלעקעל (ז. 126)

*) ערקלערונג.
1) פּאַטשטאַליאָן — בריעף־טרעגער, בריעף־ברענגער.
2) פּעטשאַט — זיעגעל.
3) תיו ריש למד בית — תרל״ב.
4) סומקע — טאָרבע, זאַק.

### דער איזבאָרשטשיק (ז. 130)

*) איזבאָרשטשיק — דער ממונה אויף די געבורטס פּאַפּירען (סקאַזקעס). דאָס ליעד איז געשריבען געוואָרען נאָכדעם ווי עס איז אַוועק די צייט פון די „כאַפּערס“ — (כאַפּען יונגע לייט פאַר סאָלדאַטען.) און עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַלגעמיינער מיליטער־דיענסט.
1) סראָק — טערמין.
2) זשערעב — גורל (דער צעטעל וואָס פּריזיוויניקעס ציהען אַלס גורל פאַר׳ן אָפּגעבען.)

### דאָס ליעד פון אייזענבאַהן (ז. 138)

1) ווסטרעטשען — באַגעגענען.
2) קאַלעטשען — שעדיגען, זיך שעדיגען.
3) סוויסטאָק — פייפעל.

### די אייזענבאַהן (ז. 142)

*) דאָס ליעד איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 1870, שפּעטער ווי ד...

ערשטע. אליקום צונזער האָט אממייסטען דערנאָך דאָס נייע באחנליער געזוונגען.
1) פּאָיעט — אָנטרינקען.

## דער צבוע׳יאק (ז. 151)

1) די נייע וועלט רופען זיי פּאליש, (פּוילער?)
2) פּאָפּאָס (פּויליש) — אַן אריינפּאָהר אין אַן אכסניה.
3) ליכט — אָבצאָהל.
4) שטשאָט — חשבון.
5) באַקלייד איהם אין סאַרע גערואַנט — טיינט, טוה איהם אַן טורמע־קליידער.
6) פּאַדאַנקעס — אָפּפאַל, דאָס וואָס אויפ׳ן דעק.
7) דאָנאָס — מסירה.

## די פערשיעדענע וועלט (ז. 157)

1) „דאַוואי פּאָרו!" — גיב פּארע (אין באָד.)
סאַטירע אויף די עם־הארצים, וואָס פערשטעהען ניט די וואונדער פון דער וועלט.
2) דער דיכטער רעדט דאָ ווידער פון זיין פערזענליכען אונגליק, וואָס ער האָט אָנגעוואָרען זיינע 4 קינדער אין 5 טעג צייט אין דער כאָלעריע.

## די לבנה (ז. 192)

1) האמבאג (ענגליש) — ליגען, שווינדעל.

## דאָס אונשטערבליכע פּאָלק (ז. 215)

1) ציטאַדעלע — שלאָס, פעסטונג.
2) דער אָסענס — דער עיקר.
3) דער שערסט פון גערשט — שערסט, דאָס האָריגע, דער אָפּפאַל.
4) ברוד — שמוץ, פסולת.

## מיינע געפיהלען (ז. 229)

1) יודעפּאב — אַנטיסעמיט.
2) סוד — געריכט.
3) סאוועסט — כאַראַקטער.

## די דזשואיש אליאַנס (ז. 268)

1) דזשואיש אליאַנס — א אידישע אָרגאַניזאַציע.

2) **דאָ** — דער דיכטער רעדט פון אַמעריקא.

3) **שוים** (שוין) — דער הוה, דער געגענוווערטיגער מאָמענט.

### צו די שטערען (ז. 195)

1) אַקטיאָר פון **רעוויזאָר** — „רעוויזאָר“, קאָמעדיע פון רוסישען שרייבער — גאָגאָל.

2) **אסטראָג** — טורמע.

3) **וואַטיקאַן** — דעם פּאָפּסט׳ס פּאַלאַץ אין רוים.

4) **אמור** — גאָט פון ליעבע.

### משה מיט זיין דור (ז. 249)

1) **פּאלאטש** — הענקער.

2) **פּריטשינע** — אורזאַך, סיבה.

3) **וויעק** — צייט, פּעריאָדע.

4) **עם** — איהם.

### קאָלומבוס און וואַשינגטאָן (ז. 256)

1) **צפון** — דאַרף אודאי זיין „מזרח“ — ווייל אייראָפּא ליעגט אין מזרח אין פערהעלטניס צו אַמעריקא.

### די קאָנטראַסטען (ז. 236)

1) **פּאַראַלעלען** — דער דיכטער מיינט דאָ צוויי קאָנטראַסטען. (דאָס וואָרט פּ א ר א ל ע ל ע ן אָבער מיינט אייגענטליך דעם היפך פון קאָנטראַסט).

2) **זאלאָטניק** — לויט, אונץ.

3) **ראַסטשאָט** — אויס׳חשבון׳ען צי לוינט זיך עס.

4) **אַ „קאהאלא“** — דאַרף זיין „קאָהאָל“. „קאָהאָלאָ“ איז דער נאָמען פון אן אנטיסעמיטיש ווערק „קניגא קאהאלא“ פון משומד בראַפמאַן.

5) **דאָס איינע אויף דעם דריי ניט פערביטען** — דאס איינס — דעם גלויבען אין איין גאָט ניט פערביטען אויף דעם 3 — אויפ׳ן קריסטליכען גלויבען אין דער דריי־איניגקייט — גאָט, יעזוס און דער הייליגער גייסט.

### דער אריסטאָקראַט (ז. 183)

1) **דיבען** (דייטש) — גנבים.

2) **נאָמאָ** — מוזיק־צייכענס (אין נאָטען).

3) אויך מוזיק־צייכענס.

4) איינזעקטישע ניגונים — וואָס מיינט?

5) גייגער — רעפאָרמירטער רבי אין בערלין.

6) צונזער רעדט דאָ פון די ערשטע פּאָגראָמען אויף אידען פון ד „באסא־קאָמאַנדא“ — ווילדען עולם.

7) פּאָ-שייע“ (רוסיש) — איבער׳ן קאָרק.

8) רוסיש — זיינען מיר דען אויך אידען?

9) פתח תקוה — אַ קאָלאָניע אין ארץ ישראל.

## דער נייַנצעהנטער יאהרהונדערט (ז. 205)

1) לוצאַטאָ — געלעהרטער איד אין אָנפאַנג פון נייַנצעהנטען יאהרהונדערט.

2) דעליע און שטראַקען — אַלט־מאָדישע קליידער

3) כודאַזשניק — מאַהלער.

4) דאָס אַנטיסעמיטישע ווערק פון רוסישען משומד בראפמאן.

## רבי יעקב משלם (ז. 168)

1) ראזקלאַדקעס — געשעפטען, זאכען.

## דער חילוף (ז. 175)

1) וויעק, — צייט, פּעריאָדע.

2) הוטשאַק אויפ׳ן קאַטאַק — מיינט, איילענדיג זיך לאָזען צום גליטש־פּלאַץ.

3) לאַסקער — דייטשער איד — ערוועהלט אין פּאַרלאַמענט.
קוראַנדע — עסטרייכישער איד — אין פּאַרלאַמענט.

## פערזעהן — פערשפּיעלט (ז. 264)

1) קיטשען — קיך.

2) פערקויפען אַ וואוט — בעת׳ן וואהל־קאמפּיין פערקויפען פּאַר שוחד די שטימע צו פּאָליטישענס.

3) מען „סאַקט“ (ענגליש) — מען זויגט אויס פרעמדען כח.

## צום פעדלער (ז. 261)

1) דזשולערי — ציערונג.

2) אַ טשאַנס — אַ געלעגענהייט.

3) פּליים — פּלאַץ.

## זמן מתן חירותנו (ז. 284)

1) „דעקליירייטאַן אָוו אינדעפּענדענס" — די אומאָבהענגיגקייט — ערקלערונג פון אמעריקא פון יאָהר 1776.

## דאַס גאָלדענע לאַנד (ז. 274)

1) טרייעל — משפט אין געריכט.
2) פיין — שטראף־געלט.
3) פייערעסקייפ — פייער־אויסגאַנג, פייער־ליטער זיך צו ראַטעווען.
4) דאון־טאון — דער אונטערשטער טייל פון שטאָט.
5) ניוס־פּייפּער — ציישונגען.
6) סיטי־האָל — שטאָט־הויז, שטאָט־פאַרוואַלטונג.
7) קוילען מיינס — קוילען־גריבער, מינען.

## דער גרינער (ז. 279)

1) ער טרייט — ער פּרובירט.
2) מעטשעס — שוועבעלעך.
3) „דער טעלעגראַם" — אַזאַ ציישונג.
4) רעגס — טראַנטעס, שמאַטעס.
5) ווייִדזשעס — געהאַלט, שכירות, לוין.
6) בייסמענט — קעלער, קעלער־וואוינונג.

## מיין ליעד און דער איד (ז. 287)

